אדאלף פריעדמאן

# טהעאָדאָר הערצל'ס לעבען

---

איבערזעצט פון

**לעאָן זאָלאָטקאָף**

פרייז 50 סענט

פערלאַג פון אָרדער בני ציון
142 הענרי סטריט,
ניו יאָרק.

# פאָרוואָרט פון פערפאַסער

אַט דאָס ביכעל איז אַ קליינער בייטראַג פון דאַנקבארקייט און פון טרייער פערעהרונג. ארויסגעוואקסען איז עס פון דעם וואונש צו דערהאַלטען הערצל'ס ליכטיגע ערשיינונג אזוי ווי דער ענגער קרייז פון אייגענע מענשען ארום איהם האָבען איהם געזעהן. דאָס איז נאָר אַ שוואכער פערזוך, דען אום צו טהאָן גאַנצע גערעכטיגקייט צו אַ זשעניע, מוז מען אַליין זיין אַ זשעניע.

דאָס מאַטעריאַל פון וועלכען זיין בילד ווערט צוזאַמענגעשטעלט דאָ אין ביכעל, האָב איך גענומען פון עראינערונגען, פון אייגענע פערצייכנונגען, און פון נאָטיצען וואָס פריינד האָבען געמאכט, און ענדליך אויך פון די ארכיווען און פון פיעלע הערצל'ס בריעף.

איך האָב דאָס געשריעבען פאַר'ן פאָלק וואָס הערצל האָט ליעב געהאַט, און וואָס האָט איהם אויך געליעבט מיט יענעם חוש וואָס דערפיהלט די עכטקייט, די טרייהייט. דעריבער האָב איך מיך ווייניג געקימערט וועגען פּרטים און האָב נאָר דאָס גאַנצע בילד געהאַט פאַר מיינע אויגען. אויך האָב איך אויסגעמיעדען ויכוחים אזוי ווייט ווי דאָס איז מעגליך געווען. הערצל אַליין האָט עס אזוי געוואָלט.

צו אַלע וואָס זיינען מיר אין דער ארבייט פון דעם ווערק בעהילפיג געווען זאָג איך מיין הערצליכען דאַנק. פאַר דאָס בוך אַליין פערלאַנג איך מילדע בעאורטיילונג פון די פערזאָנען וואָס זיינען געשטאַנען נאָהענט צו הערצל: עס איז מיט ליעבע געשריעבען געוואָרען.

אדאָלף פריעדמאַנן.

בערלין, מאַי 1914.

# איינלייטונג

„גרויסע מענער זיינען ווי הויכע בערג“ — זאגט עמערסאן — „ווער עס שטעהט הארט ביי זיי קען קיינמאל ניט קריעגען קיין בעגריף פון זייער ריכטיגער גרויסקייט; ערשט ווען מען רוקט זיך אוועק פון זיי אויף א געוויסען שטח קען מען זיי זעהן אין זייער גאנצער הויך.“

דיעזער געדאנק איז אויף טהעאדאר הערצל ווי אנגעמאסטען. ביי זיין לעבען האבען איהם פיעלע פון אונז שלעכט פערשטאנען; אנדערע האבען געזוכט איהם מבטל צו זיין. ערשט ווען א יאהרצעהנדליג ליעגט צווישען איהם און אונז פאנגען מיר אן בעסער צו זעהן זיין געשטאלט, און קלערער צו בעגרייפען זיין בעדייטונג. און וואס ווייטער די צייט רוקט איהם אוועק פון אונז, וואס א יאהר מעהר, אלץ גרעסער, שעהנער, שטראהלענדיער וואקסט זיין געשטאלט פאר אונזערע אויגען, אלץ גרינדליכער הויבען מיר איהם אן פערשטעהן. זיינע ווערטער געווינען וואס ווייטער אלץ מעהר אין בעדייטונג, זיינע אויפטהואונגען ענטוויקלען זיך וואס ווייטער צו ריעזיגערע גרויסקייט און זאגען עדות אויף דעם שארפען זעהער־בליק פון דעם פערשטארבענעם פיהרער. מען פערשטעהט איהם איצטער פיעל, פיעל בעסער אלס צו דער צייט ווען ער האט געלעבט.

און וואס בעסער מען פערשטעהט איהם אלץ מעהר מוז מען זיך וואונדערן און פרעגען: ווער איז ער געוועו? פון וואנען האט ער זיך גענומען? פון וועמען האט ער געקראגען די השפעה פיר זיין גייסט, פון וואנען די נאהרונג צו זיין געפיהלס־לעבען, דאס ער האט זיך געקענט אזוי ענטוויקלען?

דאכט זיך מיר וויסען פון איהם אזוי פיעל. זיין אבשטאמונג איז אונז גאנץ גוט בעקאנט ביז פיער אדער פינף דורות צוריק. מיר וויסען אז ער איז געוועז יוריסט, שריפטשטעלער, טהעאטער־דיכטער, זשורנאליסט; מיר געדענקען איהם נאך אלס פארנעהם־עלעגאנטען מאן, קלוג, לעבענספריידיג און רייך; מיר וויסען אז ער האט ניט מעהר געוואוסט פון אידען און אידישקייט אלס דער געוועהנליכער אסימילירטער איד פון יענע קרייזען אין וועלכע ער האט זיך בעוועגט — א בלאסע האלב־פערווישטע עראינערונג פון קינדער־

יאָהרען, און דער שוואכער איינדרוק, אז ערגעץ־וואו אין רוסלאַנד און פּוילען ליעגען עטליכע מיליאָן עלענדע ברואים־אידען, וואָס די וועלט האַסט און פעראַכטעט. ווי אַזוי־זשע האָט ער בעוויעזען אויפצונעהמען אין זיין נשמה דעם גרענצלאָזען יודענשמערץ פון א לאַנגען ביטערן גלות? ווי אַזוי האָט דער קולטורמענש פון דער דייטשער ציוויליזאַציע, דער אייראָפּעער ביז צו זיינע שפּיץ־פינגער, דער לייבטלעבינער אַריסטאָקראַטישער שריפטשטעלער, וואָס האָט אין אידישען חדר קיינמאָל ניט געלערענט, האָט קיינמאָל ניט איינגעזויגען די וואונדער־מעשה׳לעך פון דער גליהענדער אידישער פאַנטאַזיע וועגען משיח־צייטען, וועגען א גאולה פון גלות, וועגען אַן אייזערנעם בריק און א פּאַפּירענעם בריק — ווי אַזוי איז ער געקומען אויף דעם עכט־אידישען משיח־געדאַנקען?

פון וואַנען איז איהם געקומען צו חלום דאָס פּאָעטישע בילד וואָס ער האָט געטרוימט, פון א פּאַראַדנעם אויסצוג פון אידען אויס דעם גלות פון אַלע לענדער, וואָס וועט זיך ציהען מיט פייערליכער אָרדנונג, מיט פלאַטערענדע פאָהנען און מיט מוזיק, געזעגנענדיג זיך ברידערליך מיט די פעלקער ביי וועלכע די אידען האָבען געלעבט, און קריגענדיג פון זיי די ברכה פיר א גליקליכע רייזע און פיר א גליקליכער היים אין דעם נייעם לאַנד? מיט זיין דיכטערישען בליק זעהט ער צו ווי מיר קומען צו א ברעג, צו א לאַנד, „ערגיץ־וואו“, שטייגען אַרויס פון די שיפען, וועלכע טראָגען אויף זייערע הויכע מאַסטען די פלאַטערנדע פאָהנען פון אידישען פאָלק, און די וואַנדערער ציהען אין דאָס נייע לאַנד אריין אונטער טריאומף־בויגענס בעהאַנגען מיט בלומען, יובעלנדיג, זינגענדיג הלל, און זיי ווערען עמפּפאַנגען מיט שמחה פון די צוגרייטער וואָס האָבען זיי דאָרט ערוואַרטעט.

פון וואַנען האָט זיך צו איהם גענומען דיעזער פּאָעטישער חלום, וואָס דערמאָנט אַזוי הערליך אָן דעם „ופדויי ה׳ ישובון לציון ברנה“ — די גאָט־ערלייזטע וועלען צוריקקעהרען צו ציון מיט געזאַנג — און הערצל האָט נאָך דאַן אפילו פון ציון ניט געוואוסט!

הערצל האָט מיט זיין גאַנצען וועזען, מיט זיין גאַנצער נשמה, געגאַהרט צו זעהן די צואוואָרפענע גליעדער פון דעם אידישען פאָלק וויעדערפעראייניגט אין א יונג־געוואָרענעם, לעבענסקרעפטיגען, געזונדען, וואַקסענדען אָרגאַניזם, וואָס זאָל נאָך א צוויי־טויזענד־יעהריגע אונטערברעכונג וויעדער קומען אין נאָרמאַלע לעבענסבעדינגונגען; ער האָט געגאַהרט צו זעהן דאָס צוריק־

קעהרען פונ׳ם אידישען פאָלק אין דאָס לאַנד פון זיינע אבות, וױיטערצופיהרען זיין געשיכטע אויף דעם זיכערען באָדען אונטער זיינע פיס — אויף דעם באָדען פון וועלכען ער זאָל ציהען כחות צו אַ נייעם לעבען און צו פרישער שאַפונג.

פון וואַנען האָט זיך דיעזער ברעגענדיגער וואונש גענומען צו דעם דורך־און־דורך אַסימילירטען וויענער שריפטשטעלער און דיכטער ?

אין זיין „פאַליי בורבאָן“, וואָס איז ערשיענען עטליכע יאָהר פריהער ווי זיין „יודענשטאַאַט“, נעמליך אין 1894, האָט הערצל געשריעבען, אַז „ווען די אידען זאָלען זיך ווירקליך צוריקקעהרען צו זייער לאַנד וועלען זיי זיך דעם נעקסטען טאָג איבערצייגען אַז זיי האָבען קיין צוזאַמענבונד צווישען זיך. יאָהרהונדערטע לאַנג וואַרצלען זיי אין אַנדערע לענדער, זיינען לאַנג שוין געוואָרען אויס־נאַציאָן, זיינען פערשיעדען איינער פון דעם אַנדערען אין שפּראַך, זיטען, געוואוינהייטען, א. ד. ג., און זייער כאַראַקטער־עהנליכקייט קומט הויפטזעכליך דערפון וואָס אומעדום זיינען זיי געדריקט און פער־פאָלגט.“

דאַרף מען האָבען אַ שטאַרקערען אַסימילאַטאָרישען אויסדרוק פון אַן אַסימילאַציאָנס־אידען ?

און געענדיגט האָט ער פונקט צעהן יאָהר שפּעטער מיט דעם אויסרוף אויף זיין טויטען־בעט, צו אַ קריסטליכען פריינד: „גריסט מיר מיין פאַלעסטינאַ ! איך האָב מיין בלוט פיר מיין פאָלק אָוועקגעגעבען !“

ווי אַזוי איז דיעזע געוואַלטיגע ענדערונג געשעהן ?

הערצל שטעלט פאָר דאָס געהיימניס פון דעם מאָדערנעם יודענטום. אַלע אונזערע פּראָבלעמען און זייערע לייזונגען זיינען אין איהם פערקער־פּערט. ער איז דאָס ממשות׳דיגע אידעאַל פון אַ צוריקקעהרענדען ניי־געבאָרענעם אידישען פאָלק. אויב עס וועט ווען קומען אַ גרויסער אידישער געשיכטע־שרייבער וואָס וועט שילדערן די עפּאָכע פון צוריקקעהרענדע ענט־פרעמדעטע קינדער צו זייער פאָלק, און די וואַנדערונג פון גלות נאָך זייער היים, וועט די גאַנצע שילדערונג פון דער גרויסער צייט מוזען טראָגען דעם טיטעל: ט ה ע א ד א ר ה ע ר צ ל.

דער וועג אויף וועלכען הערצל איז געגאַנגען פון פאָלשטענדיגער אַסימילאַציע צום ציוניזמוס, זיין ענטוויקלונגס־גאַנג און זיינע מאָטיווען, זיין „ווארום“ און זיין „פאַרוואָס ״״ שטעלען פאָר אַ פּסיכאָלאָגישען שטודיום פון

געוואַלטיגער אינטערעסע. און אַזוי מעכטיג איז דער איינפלוס פון זיין פערזענליכקייט, דאַס די לעגענדע האָט שוין אָנגעפאַנגען צו וועבען איהרע גאָלדענע פעדים ארום זיין געשטאַלט. צעהן יאָהר נאָך זיין טויט הויבט ער שוין אָן צו ווערען א פאָלקס־מעשה׳לע. עס איז גאָר קיין צווייפעל, דאַס אויב דאָס אידישע פאָלק וועט ווען עס איז ווידער געווינען די קראַפט צו שאַפען פאָלקס־לעגענדען, און געשטאַלטען פון לעגענדארישע פאָלקס־העלדען, וועט די צענטראַלע העלדענגעשטאַלט פון א צוויי־טויזענד־יעהריגען גלות זיין דער גרעסטער איד פון דער מאָדערנער צייט — טהעאָדאָר הערצל.

זיין לעבענסבעשרייבונג וואָס ווערט דאַ געגעבען צום אידישען לעזער אין אידישער איבערזעצונג, איז געשריעבען פון הערצל׳ס א נאָהענטען פריינד, דר. אדאָלף פריעדעמאַן. זי איז געשריעבען מיט דער ווארמקייט און סימפּאַ־טיע פון א מענשען וואָס פיהלט ליעבע און טיעפע פערעהרונג פאַר דאָס געדעכטניס פון דעם גרויסען טויטען. ער פיהרט פאַר אונזערע אויגען דאָס בילד פון הערצל פון זיין קינדהייט אָן, ביז צו זיין לעצטען אָטהעמצוג, ער ווייזט אונז זיין גייסטיגעס וואקסען, זיין קעמפפען, זיין אויפאָפּפערען זיך, און פיעלעס ווערט אונז קלאָר וואָס מיר האָבען פריהער ניט געוואוסט.

מען קען ניט זאָגען אַז דר. פריעדעמאַנ׳ס ביאָגראַפיע פון הערצל איז אַלעס וואָס מען קען ערוואַרטען פון אַזאַ ווערק. זי איז עס ניט און קען עס ניט זיין. לויט הערצל׳ס צוואה קענען פיעלע דאָקומענטען און פאַסירונגען פון זיין לעבען פערעפענטליכט ווערען ערשט פינף־און־צוואַנציג יאָהר נאָך זיין טויט. פיעלע נעמען פון פערזאָנען, וועלכע לעבען נאָך, האָבען דאָ אויך געמוזט פערשוויגען ווערען. און דר. פריעדעמאַן בענוגענט זיך נאָר מיט פאַקטען און זוכט ניט קלאָר צו מאַכען ווי אַזוי די געוואַלטיגע ענדערונג אין הערצל׳ס נשמה איז געשעהן. א פאָלשטענדיגע און גאַנצע ביאָגראַפיע פון הערצל וועט ערשט פיעלייכט מיט יאָהרען שפּעטער קענען ארויסגעגעבען ווערען. אָבער דערווייל איז דר. פריעדעמאַנ׳ס „לעבען פון טהעאָדאָר הערצל“ די בעסטע לעבענסבעשרייבונג פון דעם גרויסען אידישען פיהרער, וואָס מיר האָבען ביז היינט.

ווען דער שרייבער פון דיעזע צייל'ען האָט עס צוערשט אריינגענומען אין האַנד האָט ער עס ניט מעהר געקענט אוועקלעגען, און כמעט אויטאָמאַ־טיש האָט ער עס תיכף גענומען איבערזעצען אין אידיש, אום צו טיילען מיט דעם אידישען לעזער דעם גייסטיגען תענוג. עס טראָגט זיך אַזאַ צאַרטע

ליעבע ווארמקייט, אזא זיסער וועהמוטה פון די זייטלעך פון דעם בוך, און צוצוזעהן ווי הערצל'ס געשטאלט וואקסט פאר די אויגען איז אזוי אינטערע־סאנט, דאס מען קען זיך דערפון ניט אפרייסען.

און אזוי ווערט עס דא געגעבען אין אידישער קליידונג צום אידישען לעזער.

דער איבערזעצער געהערט צו דער קליינער צאהל גליקליכע אידען, וואס האבען געהאט די זכיה צו זיצען מיט הערצל אין בעראטהונגסצימער פון גרעסערען אקציאנס־קאמיטע, פאר די קאנגרעסען, צו בליקען אין זיינע שטראהלענדע, וועהמוטיג־הארציגע אויגען, צו הערען זיין שעהן־קלינגענדע שטימע, צו פערפאלגען זיינע אבגערונדעטע קלארע זעצע, און צו פיהלען פון נאהענטען דעם אונווידערשטעהליכען מאגנעטיזמוס פון זיין פערזענליכקייט. די ארבייט פון איבערזעצען דיעזעס ווערק איז פיר איהם דעריבער געווען אן ארבייט פון ליעבע און פון תענוג, דען יענע אונפערגעסליכע סצענען זיינען דורך דעם אבגעפרישט און לעבעדיגער געווארען אין גערעכטנים. און די ארבייט האט דער איבערזעצער געטאן מיט דעם אנגענעהמען בעוואוסטזיין, דאס א קינפטיגער דור וועט מקנא זיין אונז, וואס האבען געלעבט אין דער־זעלביגער צייט מיט דעם גרויסען פיהרער, און בעזאנדערס די וואס האבען געארבייטעט מיט איהם צוזאמען.

דער פערפאסער פערלאנגט מילדע בעאורטיילונג פאר זיין ווערק, ווייל „עס איז מיט ליעבע געשריעבען געווארען“. דאס זעלבע פערלאנגט אויך דער איבערזעצער. עס איז מיט ליעבע איבערזעצט געווארען.

לעאן זאלאטקאף.

ניו יארק, אויגוסט, 1914.



מאַג אונזרע צייט מיך בעשטרייטען,
איך לאַס' עס רוהיג געשעהן —
איך קאַממע אויס אַנדערן צייטען
אונד האָפע אין אַנדרע צו געהן.
גרילפּאַרצער.
(ציטירט פון הערצל אין אַ בריעף
צו ג. ג. קאַהן, אָקט. 18, 1901.)

**דאָס יודענטום פאַר הערצל'ס צייט.**

צעהן יאָהר זיינען אוועק צייט טהעאָדאָר הערצל איז פון אונז ענטריסען געוואָרען—אַ שעהן שטיקעל צייט אין דעם לעבען פון אַן איינצעלנעם מענשען. פאַר דעם איינ־צעלנעם מענשען איז אַזאַ משך אָפטמאָל גענוג צו ענדערן זיין גאַנצען מהות, זיין גאַנצעס וועזען, זיין דענקען און זיין פיהלען. פעלקער לעבען לאַנגזאַמער, און זייער פּערזענליכקייט ענדערט זיך נאָר ביסלעכווייז און ווענינער בעמערקבאַר. דייטשען, ענגלענדער, רוסען זיינען דורך פיעלע יאָהרהונדערטע געבליבען כמעט אונפערענדערט, און דערפאַר האָט מען געקענט אַרויסכאַפּען און בעגרייפען דעם אייגענטימליכען כאַראַקטער זייערן. אין פערלויף פון דער צייט וואָס זיי זיינען געבליבען אַלץ דיזעלביגע, אָדער נאָר ווענינ פערענדערט, האָט דער המון זיך געקענט שאַפען אַ גייסטיג בילד, אַ אידעאַל, וואָס האָט פאַרגעשטעלט פאַר זיי דעם כאַראַקטער פון יעדערן פון די פעלקער. און דער איינצעלנער האָט זיך געקענט לאָזען בעאיינפלוסען פון דער אידעאַלער פיגור און זיך בילדען לויט דעם מוסטער, און האָט דורך ווילען, און דורך די געוואוינהייט וואָס קומט בירושה, אָנגענומען די אייגענשאַפטען פון דער דאָזיגער פיגור. אַזוי איז בעשאַפען געוואָרען די אויסגעטראַכטע געשטאַלט פון דעם דייטשען „מיכעל“, פון דעם רוסישען „איליא מוראָמעץ“, פון דעם ענגלישען „דזשאָהן בול“.

אָבער אין דעם לעבען פון יעדען פאָלק קומען פאַר מאָמענטען, בעגלייטעט על פי רוב פון שטאַרקע אויפטרייסלונגען וועלכע ענדערן דעם גאַנצען מהות פון פאָלק, און גיעבען איהם אַנדערע ציעלען, אַנדערע שטרעבונגען, און

דיזע רופען אין איהם אַרויס נייע איינגעשאַפטען וואָס זיינען פריהער ביי איהם וועניגער געשעצט געוואָרען. דאַן ענדערט אויך דער המון די אידעאַל־פיגור וואָס ער האָט זיך פריהער געהאַט געשאַפען אַלס זיין פאָרבילד, און שאַפט זיך נייע פאָרבילדער, און זיין גאַנצער כאַראַקטער הויבט ביסלעכווייז אָן אָנצונעהמען אַ נייע געשטאַלט.

אין אַזעלכע צייטען ווען אַזאַ ענדערונג געהט פאָר זיינען די יונגע מלא שמחה, און די אַלטע בעקלאָגען זיך און מאַכען קולות, ווייל ווידער איז אַ „גוטע אַלטע צייט" צערונען געוואָרען.

וואָס איז ביי אונז אין היינטיגער צייט פון מאַשינען און פון מיליטאַריזם איבערגעבליבען פון דעם פריהעריגען דייטשען פאָלקסכאַראַקטער פון געטהע׳ס צייטען? דאַמאָלס האָט דייטשלאַנד געשוויבעלט און געגריבעלט פון געפיהל־פאָלע יונגע ווערטהערס און לאָטטען,*) פון ראָמאַנטיקער פון טהאַט און פון פעדער. דאַמאָלס האָט נאָך געלעבט דער פרומער, פער׳חלום׳טער, נאַאיוור־געדולדיגער „מיכעל". היינט ווערט מען איהם אומזיסט זוכען. פון די ראָמאַנ־טיקער לאַכט מען, פון די פרומע מאַכט מען חוזק. און די דורכשניטליכע דייטשע יוגענד קען מען ניט מעהר בעטראַכטען פיר נאַאיוו אָדער געדולדיג. צו דאַרף מען זיך פרעהען איבער אַזאַ ענטוויקלונג אָדער זי בעדויערען — ביי אַ פאָלק וואָס לעבט אונטער נאָרמאַלע פערהעלטניסע און געהט פאָרווערטס מיט זיינע אויפגאַבען, איז אַזאַ ענדערונג געוועזען זעלבסטפערשטענדליך.

אָבער דער אידישער שטייגער דורך פיעלע יאָהרהונדערטע איז געוועזען נאָכצושלעפען זיך נאָך די געשעהעניסען און פאַסירונגען. זיי זיינען אימער געוועזען דאָס וואָס זיי האָבען געזאָלט זיין מיט אַ הונדערט אָדער צוויי הונ־דערט יאָהר פריהער. ווען לוטהער און רייכלין האָבען מרעיש עולם געווען מיט זייער רעפאָרמאַציאָן, האָבען זיך די אידען בעשעפטיגט מיט פלפול; ווען די נאַטור־פילאָזאָפען זיינען געקומען מיט זייערע לעהרען, און די אייזערנע מחיצות צווישען די פעלקער האָבען אָנגעהויבען פאַלען, זיינען די אידען געווען בעלי קבלה און האָבען זיך געלאָזט פערפיהרען פון שבתי צבי. ווען די גאַנצע וועלט האָט געקלונגען פון נאַציאָנאַליסטישע טהעאָריען, און די

---

* דאָס בעציהט זיך אויף געטהע׳ס ראָמאַן „ווערטהער׳ס ליידען". ווערטהער און לאָטטע (שאַרלאָטע) זיינען די הויפט־פיגורען פון דעם ראָמאַן.

**דער איבערזעצער.**

פעלקער האָבען געוואונען זייערע אייגענאַרט דורך בלוטיגע מלחמות, זיינען נאָך אידען געווען קאָסמאָפּאָליטען. די אידען אין פּוילען און גאַליציען טראָגען נאָך עד היום די לאַנגע קאַפּטאַנעס פון די דייטשען אין מיטעלאַלטער. זיי ריידען נאָך עד היום דעם דייטש־אידישען זשארגאָן. אין די מזרח־לענדער ריידען זיי נאָך עד היום דעם שפּאַניאָלישען דיאַלעקט פון קאַסטיליען. אונטער דעם דרוק פון עלענד, נויט און רדיפות זיינען זיי געוואָרען מענשען מיט פּאַראַליזירטע חושים, לעבענדיג אויף אַ פרעמדער וועלט, אונבעריהרט פון חעם ווירקען און טרייבען פון דעם גרויסען מענשהייט־שטראָם. זייער גייסטיגעס פיהלען האָט זיך אימער בעצויגען נאָר אויף זיי אַליין. זייער פּאָליטישעס דענקען האָט זיך געקעהרט אימער צום עבר. זייער שטאָלץ האָט זיך אימער בעגרינדעט אויף די העלדען פון חער ביבעל, און ביי די שפּאַניאָלישע אידען אויף דעם אומשטאַנד וואָס דון יוסף איז אַמאָל געוואָרען הערצאָג פון נאַקסאָס. דער היינט איז געווען נאַקעט און טרוקען, און וואָכעדיג, און די צוקונפט איז געוואָרען פּוסט און אָהן האָפנונגען. איין דור נאָכ׳ן אַנדערן איז געקומען און האָט זיך געלאַנגווײלט פון די מרה־שחורה׳דיגע, האַלב־פערוויישטע בילדער פון אַ צרות־אָנגעפּילטער געשיכטע, איז געוואָרען אַלץ סקעפּטישער, צוויפעלענדער, אָהן טראַדיציאָן און אָהן אידעאַלען.

נאָך וועלכען מוסטער האָט זיך די אידישע יוגענד פון דייטשלאַנד, רוסלאַנד, אָדער עסטרייך געזאָלט ערציהען? די „ווערטהערס“ און לאָרד בייראָן האָבען זיך אַזוי געקענט צופּאַסען צום אידישען כאַראַקטער ווי דער ענגלישער ספּאָרט־זין קען זיך צופּאַסען צום פּרייסישען רעזערוו־אָפיציערטום. „עס איז קיינער ניט געקומען אונז ערציהען צו רעכטע מענער, אפילו צוליעב דעם נוץ פון אַ מאָנאַרך“ — האָט הערצל איין מאָל געזאָגט דעם באַראָן הירש.

אַזוי איז דאָס יודענטום צופאַלען אַלץ מעהר און מעהר. די פּאַטאַליס־טישע אַנזיכט, אַז די אויפלייזונג פון אידען קען ניט מעהר אָבגעווענדעט ווערען, איז געוואָרען די אַלגעמיינע מיינונג פון די געבילדעטע קרייזען. און אַז מען מוז שוין יאָ אונטערגעהן אַלס אַ אידישע געמיינשאַפט, האָבען די געבילדעטע קרייזען געשטרעבט צו אויסערליכע אסימילאַציאָן, צו פינאַנציעלע און געזעלשאַפטליכע ערפאָלגען, אַלס אַ במקום פאַר דאָס אידישע געזעל־שאַפטליכע שטרעבען, וואָס מען האָט געהאַלטען פאַר צוועקלאָז.

נאָך היינט זיינען אַזעלכע שטימונגען ניט אין גאַנצען אָבגעווישט געוואָרען. נאָך היינט זעהען מיר אין איינצעלנע קרייזען פונ׳ם אידישען

פאָלק אָט אַזאַ מין שטילע גסיסה, און הערען נאָך די האַלב־געבאַקענע קאָסמאָ־פּאָליטישע רעדען, און זעהען צו די מיאוס׳ע האַנדלונג פון פערלייקענען זיך אליין.

און דאָך זיינען צעהן יאָהר גענוג געווען צו ברייגען אַ געוואַלטיגע ענדערונג אין דעם תוך פון פאָלק. אַרום אונז ערוואַכט נייעס לעבען, דאָס יודענטום אָרגאַניזירט זיך צום קאַמפּף פיר זיינע ווייטערע עקזיסטענץ. אַ נייע אידישע ליטעראַטור שפּראָצט, די אַלטע העברעאישע שפּראַכע וואַכט אויף צו אַ נייעם לעבען, און אַ פרישער צוג פון בעגייסטערונג געהט דורך די אידישע יוגענד, בעזאָנדערס אין די אוניווערזיטעטען.

**הערצעל׳ס ווירקונג אויף דאָס יודענטום.**

און דאָס גאַנצע בעוואוסטזיניגע יודענטום, סאַי עס איז ציוניסטיש און סאַי ניט, אַרבייט איצטער מיט דעם געדאַנקען־אוצר וואָס איז געקומען פון דעם ווירקען פון דעם איינציגען מאַן, וועמעס אַנדענקען יעדער איד דאַרף האַלטען טהייער. טויזענדער קליינע געדאַנקען־טייכעלעך האָבען זיך אָבגעצווייגט פון דעם גרויסען שטראָם פון זיין דענקען און זיינען איינגעדרונגען אין די אויסגעדאַרטע פעלדער פון דעם מאָדערנעם יודענטום און האָבען זיי בעפייכטעט און געוועקט דאָרטען נייע שפּראָצונגען. ער האָט די אידען ווידערגעגעבען דעם אידעאַליזמוס, דערמיט וואָס ער האָט מיט זיין אויפטרעטען אליין צובראָכען דעם פערפוילטען „זאָל־עס־געהן־ווי־עס־געהט“, וואָס האָט געפיהרט צום אונטערגאַנג. די יוגענד האָט געלערענט צו נעהמען איהם פאַר אַ מוסטער און זיך געוועהנען צו פרייע האַנדלונג: צו ליעבען וואָס ער האָט געליעבט, צו קעמפּפען ווי ער האָט געקעמפּפט, אָהן אייגענגוץ, און אַזוי ווי ער צו ליידען פאַר׳ן כלל. צום ערשטען מאָל אין פיעלע, פיעלע יאָהרען האָט זיך געפונען אַ אידעאַל־פיגור פיר די אידישע יוגענד אין דער פּערזאָן פון טהעאָדאָר הערצל, וועמעס אייגענשאַפט זי זוכט פלייסיג נאָכצומאַכען. שוין האָט די לעגענדע געפלאָכטען אַ קראַנץ אַרום דעם קאָפּ פון דעם גרויסען טויטען, און אין אַלע געצעלטען פון יעקב ווערט געטרויערט וועגען דעם פריהצייטיגען טויט פון דעם פאָלקס־העלדען.

אין דעם געדעכטניס פון די וואָס האָבען דאָס גליק געהאַט צו קענען טהעאָדאָר הערצל לעבט ער ווי דער פיהרער פון די ציוניסטישע קאָנגרעסען. דיעזע קאָנגרעסען זיינען דאָך זיין גרויסעס ווערק, דורך וועלכעס ער האָט

פעראייניגט די צווייטע און צושפרייטע טרעגער פון דער נאַציאָנאַל־אידעע און דעם בשותפות׳דיגען רעיון פון דעם פאָלק׳ס צוקונפט אויף זייער אייגענעם באָדען, אין דעם אַלטען לאַנד פון דעם שטאַם. שלאַנק און הויך, מיט די פיינע געזיכטסציגע איינגעראַהמט אין דעם שווארצען באָרד, ווי אַ פאַרצייטיגער מלך אשור, און מיט די טרוימערישע אויגען פון אַ נביא, וועלכע האָבען דאָך אַזוי קלוג אַריינגעקוקט — אַזוי געדענקען מיר איהם. ער הויבט אויף די האַנד מיט זיין כאַראַקטעריסטישער שעהנער בעוועגונג ,און דער לאַרם פון דעם אויפגערעגטען קאָנגרעס פערשטומט. עס ווערט שטיל, און זיין קלאָרע, ווייטגעהענדע שטימע, וועלכע מאַכט קיינע אָראַטאָרישע קונצען, וועקט אונענדליכע בעגייסטערונג. אויף זיין גאַנצער געשטאַלט רוהט אַזא איידעלע פאָרנעהמקייט, אַזא רוהיגקייט, אַזא זיכערהייט, אַזא חן, ווי דאָס זעהט מען נאָר אַמאָל ביי די העכסטע אריסטאָקראַטען, וועלכע האָבען דאָס אַרויפגעצויגען דורך פיעלע דורות פון הויכער קולטור, פון זעלבסטרעספעקט און פון אונאָבהענגיגקייט פון אַנדערע. אונטער אידען געפינט מען זעלטען אַזעלכע אייגענשאַפטען, העכסטענס אַמאָל ביי די אייניקלעך פון די אַלטע שפּאַנישע אידען, וועלכע זיינען פריי געבליבען פון די בעדריקונגען פון מיטעלאַלטער.

**הערצל׳ס אויפטרעטען, זיין אָבשטאַמונג.**

און הערצל האָט באמת טאַקע אָבגעשטאַמט פון אַ שפּאַניש־אידישע פאַמיליע. זיין עלטער־זיידע, לייביל, איז געווען אַ שפּאַנישער איד, וועלכער איז פון דער אינקוויזיציע געצוואונגען געוואָרען אָנצונעהמען דעם קאַטוילישען גלויבען און צו ווערען אַ מאָנאַך. ער איז ענטלאָפען נאָך טירקיי און איז געווארען צוריק אַ איד. פרינץ אייגען האָט געגעבען דער פאַמיליע דאָס רעכט צו וואוינען אין סעמלין, אויף דער עסטרייכישער זייט פון דונאַי. דאָרט האָט נאָך געלעבט הערצל׳ס זיידע, שמעון ליב הערצל. זיין פאָטער, יעקב הערצל, איז אַריבערגעצויגען נאָך בודאַפעסט און האָט חתונה געהאַט מיט זשאַנעט דיאַמאַנט, הערצל׳ס מוטער. נאָר צוויי קינדער האָבען זיי געהאַט — טהעאָדאָר און פאַולינאַ. די טאָכטער איז יונג געשטאָרבען. זייער צוזאַמענלעבען איז געווען אַ העכסט גליקליכעס. יעקב הערצל איז געווען אַן ערנסטער, קלוגער הארציגער מענש. זשאַנעט הערצל — אַ שעהנע, גייסטפאָלע און אויפריכטיגע פרוי, איבערגעבען צום מאַן און קינדער ביז צו זעלבסטאויפאָפּפערונג. ווען איהר מאַן האָט דורך

אן אונגליקליכעס געשעפט זיין פערמעגען פערלארען איז זי צו איהם נאך צערטליכער געווארען, האט איהם קיינמאל ניט געלאזט מערקען א סימן פון א פארוואורף. בעזאנדערס האבען עס די קינדער ניט געטארט שפירען.

**הערצל'ס פאמיליע, זיינע יוגענד.**

הערצל איז געבארען געווארען אם 2טען מאי, 1860. א בן יחיד איז ער געווען. און פאטער און מוטער האבען געטהאן זייער מעגליכעס איהם צו געבען א גוטע ערציהונג. זיי האבען איהם געגעבען די מעגליכקייט צו שטודירען אלס יוריסט, און זיך אויסצובילדען צום שריפטשטעלער.

ווען הערצל'ס איינציגע שוועסטער, פאולינא, איז געשטארבען אין 1878 האט די פאמיליע אריבערגעצויגען נאך וויען, וואו טהעאדאר הערצל האט זיך גענומען שטודירען געזעץ און ליטעראטור. ליטעראטור האט איהם מעהר אנגעצויגען אלס געזעץ, ווייל אלס יונגער אינגעל נאך האט ער ארויסגעוויזען א רייכקייט פון פאנטאזיע וואס האט געגעבען אנצוהערעניש אויף זיין כאראקטער. ווען ער איז אלט געווארען צעהן יאהר האט ער בעשלאסען צו גראבען דעם פאנאמא-קאנאל. אלס פערצעהן-יאהריגער אינגעל האט ער געגרינדעט דעם ליטעראַרישען פעראיין „וויר", און האט פערפאסט די סטאטוטען פון דעם פעראיין, און האט געהאלטען ליטעראַרישע פארלעזונגען, אין וועלכע דער צוקינפטיגער הערצל לאזט זיך שוין מערקען. און ווען ער איז געווען אין דער זיעבעטער קלאס גימנאזיע האט ער געשריעבען דעם ערשטען צייטונגס-ארטיקעל. „נאטירליך אהן א נאמען" — האט הערצל דערנאך דערצעהלט — „ווייל ווען דער לעהרער זאל געווען וויסען וואלט ער מיך דערפאר געשיקט אין קארצער".

אזוי איז עס געווען גאנץ נאטירליך, דאס שוין אלס סטודענט האט ער געשאפען א גאנצע מענגע ליטעראַרישע זאכען, און פון 1884, ווען ער האט אויסגעהאלטען עקזאמען אלס יוריסט, האט ער זיך געווידמעט צו שריפט-שטעלעריי. ער האט דאמאלס אנגעפאנגען צו פראקטיצירען אלס לאיער אין זאלצבורג, א שטאדט וואס האט מיט איהר שעהנקייט געוועקט אין איהם בעגייסטערונג און חשק צום שאפען. „אין זאלצבורג" — שרייבט הערצל אליין — „איז מיר די ארבייט געווען ליעבער; די לאנדשאפט ארום שטאדט איז ווי בעקאנט בעזאנדערס שעהן. מיין ארבייטס-צימער איז געווען אין דעם

אַלטען פעסטונגס־טהורם, פונקט אונטער'ן גלאָקען־שטוהל, און דריי מאָל טעגליך האָט עס מיר געקלונגען זעהר אַנגענעהם אין די אויערן.״

דאַמאָלס האָט הערצל זעהר פיעל געשאַפען. ביז צו זיין דרייסיגסטען לעבענסיאָהר האָט ער — ווי ער אַליין האָט געשריעבען — פערפאַסט זיעבּ־צעהן טהעאַטער־שטיקער, אַ מענגע פעליעטאָנען, שטודיען און קריטיקען. און ער האָט ניט לייכט געשריעבען. יעדעס קליינע פעליעטאָן איז ביי איהם געווען אַ קונסטווערק, וואָס ער האָט געשליפען און געפיילט. ער האָט ניט געקענט ליידען פוסטע פראַזען. די פילאָזאָפישע געדאַנקען וואָס ער האָט אַרויסגעגריבעלט פון זיין טיעפען גייסט, האָט ער קינסטליך אומגע־וואַנדעלט אין לייכטע בעטראַכטונגען פאַר'ן טאָג.

**הערצל אַלס שריפטשטעלער**

דורך אַלע זיינע קינסטלערישע אַרבייטען פון דער פּערי־אָדע, וועלכע גרייכט אונגעפעהר ביז צום יאָהר 1891, לאָזט זיך מערקען דערזעלביגער שטייגער: אַ שמערצליכע פער־זאָרגטקייט, וואָס געפינט אין דער וועלט פון פּראַקטישע זאַכען קיין בעפריע־דיגונג, וואָס בלייבט שטעהן האָפנונגסלאָז פאַר דער וועלטרעטענים, און זוכט צו דערטרינקען דעם וועהטאָג אין אַ וועהמיטיגען שפּאַס. גאַנץ ניי איז דאָס ניט געוועזען. ביי די פראַנצויזען, פון וועמעס ליטעראַטור הערצל האָט אין די אינגערע יאָהרען שטאַרק געהאַלטען, איז אַזאַ שטייגער לאַנג בעקאַנט געווען. (אין די שפּעטערע יאָהרען האָט הערצל מעהר געאַכטעט די ענגלענדער אַלס די פראַנצויזען.) און דאָך האָט ער שוין אין דער יוגענד נאָך אויסגעאַר־בייט זיין אייגענעם סטיל, זיינע אייגענע פאָרמען, וועלכע פיעלע האָבען אומזיסט פּרובירט נאָכמאַכען. אין פיעלע פון זיינע ליטעראַרישע אַרבייטען קוקט אַרויס יענער עכט־אידישער צוג, דאָס זוכעניש פון גרונד און תכלית, וואָס איז אַרויפגעדריקט אויף דער גאַנצער דענקונגס־אַרט פון פאָלק. און די אַרבייטען בליטצען פון שכל'דיגע שאַרפע בעמערקונגען, ווי פונקען פון דעם שווערד פון אַ קעמפּפער, וועלכער ווייס, אַז ער פיהרט אַ פערלאָרענעם קאַמפּף.

קיין וואונדער וואָס הערצל האָט זיך באַלד ערוואָרבען אַ שעהנעם נאָמען אַלס פעליעטאָניסט, און וואָס זיינע אויפזעצע האָבען איהם מעהר איינגע־בראַכט אַלס „אַ ריכטיגע פּראָפעסיאָן“ — ווי ער אַליין האָט זיך אין שפּאַס אויסגעדריקט.

אין דער צייט זיינען אויך ארויסגעקומען זיינע טהעאטער־שטיקער: „זיינע האָהייט“, „דער פליכטלינג“, „די ווילדליעבע“, „אי לאָוו יו“, „אונזער קעטכען“, „גרעטעל“, „דאָס נייע גהעטאָ“, „סאָלאָן אין לידיען“ און פיעלע אנדערע. זיי זיינען אויפגעפיהרט געוואָרען אין וויענער בורג־טהעאטער און אין בערלינער קעניגליכען טהעאטער. אייניגע האָבען געהאט גרויסען ערפאָלג. אָבער לאַנג זיינען זיי דאָך אויף דער ביהנע ניט געבליבען. אין די מייסטע שטיקער פעהלט דאָס טיעפע איינדרינגען אין די געמיטהער פון אנדערע. זיינע כאַראַקטערען ריידען וואָס דער פערפאַסער דענקט — אימער שעהן, קלוג, אָבער ניט דאָס וואָס זיי אליין וואָלטען געדאַרפט זאָגען. דאָס פעלד פון זיינע ריכטיגע טריאומפען איז געבליבען דאָס פעליעטאָן.

הערצל׳ס חתונה.

אין 1889 האָט הערצל געהייראַט מיט פריילייןִ יוליע נאַשאַוער, און דריי קינדער זיינען ביי זיי געבאָרען געוואָרען. רייזענדיג אין 1891 דורך שפאַניען האָט ער ערהאַלטען א פאָרשלאַג אָנצונעהמען די שטעלע פון פאַריזער קאָרעספּאָנדענט פיר די „נייע פרייע פרעסע“, און ער האָט עס אָנגענומען מיט גרויס הנאה. שפּעטער אָבער, אַלס ער האָט דערלעבט אין פאַריז אין די צייט פון פאַנאַמאַ־סקאַנדאַל, און פון דעם דרייפוס־פּראָצעס, האָט ער ניט מעהר גערעדט מיט בעגייסטערונג פון זיין שטעלע. דיעזע צייט האָט געמאַכט אַן איבערקעהרעניש אין זיין גאַנצען לעבען.

הערצל׳ס פאַריזער צייט.

די פעליעטאָנען וואָס ער האָט געשריעבען אין פאַריז זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען אין בוך־פאָרם אונטער׳ן נאָמען „פּאַליי בורבאָן“, און ער אליין האָט עס בעטראַכט אַלס זיין בעסטע זאַמלונג. עס ענטהאַלט מייסטערהאַפטע סקיצען פון פראַנקרייך׳ס פּאָליטישען לעבען, פּאַרלאַמענט־פערהאַנדלונגען, פּסיכאָלאָגישע שטודיען פון די מאַסען וואָס געהען צום שטימקאַסטען. אַלעס איז שאַרף געשילדערט, אָפט מיט דראַמאַטישער קלאָרקייט און אימער מיט אַ טיעפען איינבליק אין די אומגעבונג. דאָס „פּאַליי בורבאָן“ איז אַ קונסטווערק פון העכסטען גראַד וואָס וועט איבערלעבען הערצל׳ס אַנדערע ליטעראַרישע אַרבייטען. דער לעזער וועט אימער האָבען פערגעניגען לעזענדיג עס, און דער קולטור־היסטאָריקער וועט עס אימער בעטראַכטען פאַר אַן אוצר, צו

פערשטעהן ריכטיג דעם כאראקטער פון דער דריטער (איצטיגער) פראנצויזי־שער רעפובליק.

איבערפלעכליך בעטראכטעט, איז די פאריזער צייט פון הערצל געווען דער לעצטער קאפיטעל פון דער גליקליכסטער צייט פון זיין לעבען. ביי זיין זייט איז געווען זיין קלוגע פרוי, וואס האט געהאט א ידיעה אין זיינע ליטעראַרישע ארבייטען, פון זיינע קאלעגען און פון פובליקום געעהרט, איז ער געשטאנען אויף זיין העכסטער מדרגה. דער געדאנקען פון א פאליטישער טהעטיגקייט, און נאך דערצו פון אידישע אינטערעסען, איז געווען אזוי ווייט פון איהם ווי מזרח פון מערב. ער האט זיך געפיהלט גאנץ ווי א דייטשער שריפטשטעלער. זיינע פריינדליכע בעציהונגען צו ליטעראַרישע בעריהמטע מענער האבען איהם געגעבען בעפריעדיגונג. אין דער צייט האט ער אויך פיעל געלערענט פון דער וועלט־פאליטיק, און פון פארלאמענטאריזם, און וואס ער האט דא געלערענט האט ער שפעטער געשטעלט אין דיענסט פון דער ציוניסטישער בעוועגונג.

**די ענדערונג אין הערצל׳ס געמיטה.**

באלד איז אבער אויך געקומען פיר הערצל די צייט פון אויסניכטערן זיך. די פוסטקייט פון די פאליטישע גליקס־יעגער ארום איהם, און דאס קריעכען נאך קאריערען. „ביי אן ענדערונג אין דער רעגיערונג" — שרייבט ער אין איין ארט — „איז ניט די פראגע פון פרינציפען, נאר פון פערזאנען, און דערפאר ערלויבט מען זיך אלערליי קונצשטיק... ווען איך הער מאסיע גאבלע ריידען, טראכט איך מיר: וואס פאר א ביטערער שאדען וואס ער האָרף ניט באלד אויפ׳ן ארט ריידען פאר׳ן אנדערן צד"...

אויך צו די געזעלשאפטליכע קרייזען אין וועלכע ער האט פערקעהרט האט ער זיך אנגעהויבען פערהאלטען אביסעלע מיט פעראכטונג. זיין פילאזאפירענדע נאטור האט דערשפירט די פלאכקייט, די פוסטקייט פון דער געזעלשאפט, הגם זי האט ענטהאלטען די שעהנסטע גייסטער פון אייראפא. די אלע געפיהלען האבען זיך פערשטארקט ווען דער דרייפוס־סקאנדאל איז געקומען. דער אנטיסעמיטיזם האט זיך דאן ארויסגעריסען פון דער פאלקס־נשמה אין פראנקרייך מיט זעלטענער מאכט, און אלע שעהנע בעגריפע פון גלייכהייט און ברידערליכקייט וואס זיינען אויפ׳ן פראנצויזישען באדען אויסגעוואקסען, זיינען אוועקגעטראגען געווארען פון דעם שמוציגען שטראם.

הערצל איז אימער געווען א איד פון עהרגעפיהל. נאך אלס אינגעל, ווען ער איז אמאל געקריינקט געווארען אין זיין אידישען געפיהל, האט ער דערפאר פערלאזען די רעאל־שולע און איז אוועק אין גימנאזיע. אבער דער נאציאנאלער געדאנקען איז איהם אפילו אין זינען ניט געקומען.

נאך אין 1894 האט ער געשריעבען א רעצענזיאן איבער אלעקסאנדער דומא'ס ווערק „פאם דע קלאד" (קלאד'ס ווייב) און דארט האט ער אונטער אנדערע זאכען געזאגט:

„דער גוטער איד דניאל וויל ווידער געפינען די היימאטה פון זיין שטאם און צוריקפיהרען אהין די צערשטרייטע ברידער זיינע. אבער גראדע אזא דניאל ווייס גאנץ גוט, אז די אידען קען מען מיט זייער היסטארישער היימאט ניט דיענען. עס איז קינדיש צו זוכען די געאגראפישע לאגע פון יענעם לאנד... און ווען די אידען זאלען ווירקליך „צוריקקעהרען", וועלען זיי דעם נעכסטען טאג אויסגעפינען, דאס זיי געהערען ניט מעהר צוזאמען. שוין יאהרהונדערטע זיינען זיי איינגעווארצעלט אין נייע היימאטען, זיינען געווארען אויס־נאציאן, פערשיעדען איינער פון אנדערען, און אויב זיי האבען נאך אונטער זיך עהנליכקייט פון כאראקטער ווערט דאס אויפגעהאלטען דורך די בעדריקונג וואס זיי אלע ליידען."

הערר פאול־שיף דערצעהלט אין דער פראנקפורטער צייטונג, דאס נאכ'ן ערשטען ציון־קאנגרעס איז ער געקומען צו הערצל און האט איהם פארגעלעזען אט־דיעזע ווערטער זיינע. הערצל האט אן אויגענבליק געשוויעגען, און האט דאן, אלס אנטווארט, דעקלאמירט פיער צייליען פון פאול הייזע:

„ווער הייטע קליגער איזט אלס געסטערן
אונד עס מיט פראהעם מוטה בעקענט,
דען ווערדען די ביעדערמענער לעסטערן
אונד זאגען: ער זאי אינקאנזעקווענט."*)

די איבערקעהרעניש אין זיין געמיטה איז ווי עס ווייזט אויס געקומען מיט אמאל, אונגעריכט. ווי א בליץ האט עס אין איהם אויפגעלויכטען, ווי דער ערוואכענדער פריהלינג איבער נאכט. און דאך האט זיך דיעזע ענדערונג

*) אויף פראסט אידיש מיינט דאס: ווען איינער גיט צו אפען אז נעכטען האט ער א טעות געהאט, טאדלען איהם די „וואמפעס" און זאגען אז ער האלט ניט אויס כאראקטער.

לאנג פאַרבערייטעט. אַלע גייסטיגע אויסברעכונגען ווערען איבערהויפּט לאנג פאַרבערייטעט און ענטוויקלען זיך אָפטמאָל גאַנץ אונבעמערקט פון דער בעטרעפענדער פּערזאָן אליין.

דער אָנפאַנג דערפון ליעגט ערגעץ וויים צוריק, אין זיינע סטודענטען־יאָהרען, ווען ער האָט געהערט צו דער סטודענטען־געזעלשאפט „אלביא“, אין וויען. דיעזער פעראיין האָט איינמאָל בעשלאָסען ניט מעהר אָנצונעהמען אידישע מיטגליעדער. הערצל האָט תיכף צו די „נאָבעלע יונגע לייט“ אָבגע־שיקט זיין מיטגליעדער־קארטע.

דאַן האָט אָנגעפאַנגען דער טריאומף־צוג פון אַנטיסעמיטיזם, קומענדיג פון דייטשלאַנד נאָך אונגאַרן, און פערגיפטענדיג די געמיטהער אין עסט־רייך. דר. בערנארד בעק, דער פאַמיליען־דאָקטאָר פון יאַקאָב הערצל׳ס פאמיליע, דערצעהלט, דאָס דער יונגער טהעאָדאָר הערצל האָט זיך דאַמאָלס שוין געפיהלט טיעף געקריינקט אין זיינע געפיהלען, און האָט גערעדט פון אויסוואַנדערן נאָך פּאַלעסטינא. אַלס ער האָט איינמאָל געלייענט אַ גיפטיגע רעדע פון שטעקער געגען אידען, האָט ער בעמערקט: „אייגענטליך זיינען די אידען „דומע קערלס“ ווען זיי זעהען זיך ניט אום וועגען אַן אייגענעם לאַנד“. נאָך אַלס סטודענט, אין 1882, האָט ער געלעזען דירינג׳ס בוך איבער די יודענפראַגע, אַ בוך וואָס איז „פול פון האַס ווי פון גייסט“, וועלכעס האָט אויף איהם געמאַכט אַזא רושם, ווי ער וואָלט געקראָגען מיט אַ האַמער איבער׳ן קאָפּ. הערצל זאָגט אַז דיעזעס בוך האָט צוערשט געבראַכט די אידישע נאַציאָנאַליטעט צו זיין בעוואוסטזיין. די אַנטיסעמיטען האָבען עס אין איהם אויפגעוועקט. אָבער עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט ביז דיעזעס בעוואוסטזיין איז אין איהם צייטיג געוואָרען. דיעזעס בעוואוסטזיין האָט זיך געמוזט דורכברעכען דורך די שווערע דעקע פון דעם דייטש־פיהלענדען שריפטשטעלער. הערצל איז געוואָרען אָנגעוויזען אויף זיך אליין. די שריפטען פון פּינסקער, פון ליפּפּע, פון רילף, וועלכע האָבען דאַמאָלס אָנגע־פאַנגען די אידיש־נאַציאָנאַלע בעוועגונג, האָבען אין זיינע קרייזען ניט איינ־געדרונגען.

און זיין ליטעראַרישער און געזעלשאַפטליכער ערפאָלג האָבען זיינע אידישע געפיהלען ווייטער איינגעשלעפערט. איבערהויפּט מוז מען געדענקען, דאָס פון דער היים אויס האָט ער זעהר ווייניג מאַטעריאַל מיטגעבראַכט וואָס

זאָל איהם מסוגל מאַכען פיר אַ אידיש־פּאָליטישע ראָלע, און ווי שווער האָט פאַר איהם געמוזט זיין זיך אליין זיינע אידישע געפיהלען קלאָר צו מאַכען.

זיין עלטערן־הויז האָט געהערט צו יענעם סאָרט אידישע הייזער, וואו עס איז נאָך געבליבען אַ שטיקעל אידישקייט, וואו מען האַלט זיך נאָך צוריק פון שמד, אָבער דאָך גיט מען מיט די קינדער זעהר ווענינ אידישען באַגאַזש אין לעבען אריין. אלס קינד האָט הערצל געלערענט עטוואָס עברי, האָט עס אָבער באַלד ווידער פערגעסען, און אין דערהיים האָט מען מעהר געזאָרגט פאַר זיין פראַנצויזיש אלס פיר זיין העברעאיש. זשאַנעט הערצל, די מוטער, פלעגט יאָ אַמאָל ריידען צו די קינדער פון אידישע מוסר און מידות, און אין הערצל'ס שריפטען קומען זיי אָפטמאָל פאָר, אָבער זיי זיינען ניט איינגע־פלאַנצט געוואָרען אין הערצל'ען ווי ספּעציעל אידישע לעהרען. הערצל האָט ביז צום ענד פון זיין לעבען בעזעסען נאָר ווענינ אידישעם וויסען, און דאָס האָט אויך גאָר אַנדערש ניט געקענט זיין. דען די ריכטונג פון זיין ערציהונג אַזוי ווי פון זיין אייגענער נייגונג האָבען איהם געצויגען צו דעם פעלד פון אַלגעמיינער קולטור. אַן אויבערפלעכליכע אידישע ערציהונג איז אַמאָל ערגער ווי גאָר קיין אידישע ערציהונג. ווער עס ווייס גאָר ניט פון אידיש־קייט קען אַמאָל צופעליג ענטדעקען אין איהר שעהנקייטען וואָס ציהען איהם צו, און בעווענען איהם זיך דערמיט אָבצוגעבען. ווער אָבער עס האָט אין זיין קינדהייט עטוואָס פון אידישקייט געלערענט, אָבער ניט פערשטאַנען, ניט מיט'ן הארצען בעגריפען, דער איז אָפט געניינט זי צו פערוואַרפען אלס עטוואָס וואָס האָט קיין ווערטה פאַר איהם. און בפרט נאָך ווען איינער גיט זיך אָב מיט שטאַרקע אַלגעמיין־מענשליכע אינטערעסען. אידישקייט וואָס ווערט שבעכט געלערענט און נאָר האַלב פערשטאַנען, קען ניט בעשטעהן אלס רעליגיאָן אַנטקעגען די וויסענשאַפטליכע בעגריפען וואָס איינער ערווערבט זיך דורך לערנען און שטודירען אין וועלטליכע חכמות. אַזאַ אידישקייט קוקט אויס דאַמאָלס ענג, אַלט, פאַרצייטיג, און ווערט לייכט אַראָפּגעטריי־סעלט פון זיך.

דעם וועג געהען אידישע זיהן אָהן אַ צאָהל אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער — די קינדער פון אַנגעזעהענע אידישע פאַמיליען. עלטערן פלעגען אָפט איבערראַשט זיין ווען זייערע קינדער פלעגען אוועקגעהן פון אידישקייט אין גאַנצען. און דאָך איז דער פּסיכאָלאָגישער גאַנג פיר דעם בעאָבאַכטער גאַנץ קלאָר.

פיעלייכט וואָלט טהעאָדאָר הערצל אויף געגאַנגען דעם וועג, ווען דער אַנטיסעמיטיזם וואָלט ניט געמאַכט אויף איהם אַזאַ שטאַרקען רושם. דער אויך אין זיינע אויגען האָט דאָס יודענטום אויסגעוויעזען ענג און קליין. ער האָט געזעהן פאַר זיך דאָס געדריקטע פאָלק מיט דעם געהעטאָ־גייסט. ערשט שפּעטער האָט ער איינגעזעהן אַז די אידען דאַרף מען בעטראַכטען ווי אַ פאָלק, וואָס וויל זיין אַ פאָלק, און וואָס לויט זיין אינערן גייסט, קען עס זיין אַ פאָלק.

און ביי זיין ווייב׳ס פאַמיליע האָט ער געפונען נאָך וועניגער וואָס זאָל איהם טרייבען צו אידען. דאָ האָט ער געפונען נאָך מעהר ווי אין זיין עלטערן־הויז די אַלגעמיינע אינטערעסען און די וויענער לייכטלעביגקייט, אָבער קיין סימן פון אידישקייט. פון דעם צד האָט הערצל געוויס ניט געקענט ערהאַל־טען וועלכע אידישע אָנרעגונגען.

אָבער דער אַנטיסעמיטיזם איז אַלץ געשטיגען העכער. ער האָט פער־גיפטעט דאָס עפענטליכע לעבען און האָט פער׳המונ׳עוועט זיין אויסזעהן. מען האָט אָנגעהויבען פערדריינגען דעם אידען פון רעגיערונגס־דיענסט, אין לאַנד ווי אין דער געמיינדע. הערצל אַליין האָט געקראָגען צו שפּירען די אונפריינדליכקייט צו אידען אין דער פערוואַלטונג פון שטאַאַט. גערן וואָלט ער געוועזן געבליבען אין זאַלצבורג, שטרעבענדיג צו אַ ריכטערשטוהל. ער האָט אָבער באַלד איינגעזעהן ווי האָפנונגסלאָז זיין שטרעבונג איז און האָט זיך געמוזט פון דעם אָבזאָגען. דיעזען אומשטאַנד האָט ער שפּעטער אין לעבען פיעל מאָל בעדויערט, דען ער האָט זיך אויסגעמאָלט ווי שעהן דאָס לעבען וואָלט געוועזן, וועלכעס ער וואָלט דאָרט געקענט ווייטער פיהרען. בעזאָנדערס דאַן, ווען די פּאָליטישע כוואַליעס אַרום איהם האָבען גאָר צו שאַרף געבראַנדעוועט האָט ער דאָס דערמאָנט. עס האָט איהם קיינמאָל ניט געצוויגען צו אַ לעבען פון אַ פּאָליטיקער, פון אַ מאַן אין דער עפענטליכקייט, און גערן וואָלט ער געוועזן צוריקגעגאַנגען צו זיינע ביכער — ווען ער וואָלט געקענט.

דערצו זיינען געקומען די עקאָנאָמישע רדיפות געגען די אידען אין עסטרייך, די באָיקאָטס, און די רדיפות און פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. גע־וויס האָבען די פּאַסירונגען אויך ניט פערפעהלט צו מאַכען אַ רושם אויף איהם. ווען ער האָט גערעדט פון זיי איז עס געוועזן מיט אַ געמיש פון

צאָרן, רחמנות און בעליידיגטען זעלבסטגעפיהל, וואס האָט געשטאַמט פון די צייטען נאָך פאַר זיין ציוניסטישע אידעע. הערצל האָט איבערהויפּט זיך געקענט טיעף אריינפיהלען אין אן אנדערענס עלענד. אין זיינע פעליע־טאָנס רעדט ער אָפט פון דעם עלענדען לעבען פון די שטאָדטישע מאַסען, פון די טרויעריגע שטיקלעך גרונד מיט גראָז, אויף וועלכע די קינדער פון די ארעמע שפּיעלען זיך אונטער איינגעדאַרטע בוימלעך, וועלכע „וועלען קיינמאָל ניט אין לעבען ארויסגעבען קיין געהעריגען שאָטען — אזוי ווי די מענשען־פּלאַנצען, וואָס וואַקסען אזוי צרה'דיג". אין מצרים איז ער שטאַרק גערירט געווארען פון דער שקלאַפישער עקזיסטענץ פון די פעלאַ־כען, און ווען עס האָט זיך גערעדט וועגן אָפּקויפען דעם עמק יזרעאל האָט ער געזאָגט: „מען קען דאָך ניט די ארעמע אראבישע בויערן פון באָדען אַראָפּטרייבען!"

אָבער אלע דיעזע איינדריקע פון בעליידיגטען זעלבסטגעפיהל און רע־גונגען פון רחמנות זיינען ביי איהם אימער פערדריינגט געווארען פון דער האָפנונג, אז די מענשהייט ענטוויקעלט זיך אלץ מעהר און מעהר צו דולדען זיך איינער דעם אַנדערן. עס זיינען דאָך פאַראַן גערעכטע פעלקער אויך! אָט איז פאַראַן אַ פראַנקרייך אלס לעבעדיגעס ביישפּיעל צו דער ענטוויק־לונג פון א פרייער מענשהייט! געווייס געהט עס די אידען שלעכט. אבער „עס געהט די מענשען, וואָס ארבייטען ווי מאַשינען, פּונקט אזוי שלעכט ווי די אידען, וועלכע לעבען צופעליג אין א אנטיסעמיטישע צייט. שפּע־טערע אידען וועלען זעהן בעסערע צייטען, די איצטיגע געהט עס שלעכט" — אזוי האָט ער בעדויערט אין זיין „פּאַליי בורבאָן". אבער דורך אלע דיעזע מרה־שחורה'דיגע בעטראַכטונגען ציהט זיך דאָך נאָך אימער אַן אונ־טערטאָן פון האָפנונג.

דאָ קומט מיט אמאָהל דער דרייפוס־פּראָצעס און טרייסעלט איהם אויף ביז צו די טיעפענים פון זיין נשמה. ער זעהט צו ווי אזוי אין דער גוואַלטיג גרויסער מעהרהייט פון פראַנקרייך „שטעהט אויף דער וואונש צו פערדאַמען א אידען, און אין איהם אלע אידען..." פון דאַמאָלט אָן איז דער געשריי „נידער מיט די אידען!" א שלאַכטגעשריי געווארען. און וואו? אין פראַנקרייך, אין דעם רעפּובליקאַנישען, מאָדערנעם, ציוויליזירטען פראַנקרייך! הונדערטער יאָהר נאָך דער ערקלערונג פון מענשענרעכטע!..

דער מאַניפעסט פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן ווערט צוריקגערופען. ווען אַ ווייט־פּאָרטגעשריטענעם, הויך־ציוויליזירטעם פאָלק קען פּארבלאָנדזען אויף אַזעלכע וועגען, טאָ וואָס איז שוין צו האָפען פון אַנדערע פעלקער, וועלכע זיינען נאָך צו אַזאַ הויכע מדרגה ווי די פראַנצויזען ניט געקומען, און שטעהען נאָך אפשר מיט אַ הונדערט יאָהר צוריק.

ביי׳ן צוהערען זיך אין פּאַריז צו די פערהאַנדלונגען, ביי׳ן צוזעהן די ווילדע אויסברעכונגען פון דער האַס־ערפּילטער מאַסע האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורם אין הערצל׳ס נשמה. אין דעם פראַנצעזישען קאַפּיטאַן דרייפוס איז הערצל׳ס עהרגעפיהל געטראָפען געוואָרען צום טויט, זיינע אייגענע מענשענווירדע איז געקריינקט געוואָרען אין דער ווידדע פון אַ גאַנץ פרעמדען אידען, וועלכער איז איהם אפילו ניט געווען סימפּאַטיש. דער געדאַנקען איז אין איהם אויפגעשטאַנען קלאָר און דייטליך, אַז ער קען ניט וויעדער זיין ער אַליין, ביז ער וועט ניט אומארבייטען זיין אייגענע פּערזענליכקייט אויף אַ נייעם פונדאַמענט. פון דעם געדאַנקען האָט ארויסגעשפּראָצט דאַס טיעפע געפיהל פון צוזאַמענגעהעריגקייט מיט זיין שטאַם. דאָס האַלב־איינגעדרעמעלטע פאָלקס־געפיהל האָט ערוואַכט אין איהם אויף דאָס ניי מיט דער קראַפט פון אַ נבואה. ער האָט דערפיהלט, אַז ער מוז וואָס טהאָן, ניט וויסענדיג, אַז אין דערזעלביגער צייט זיינען פּאַראַנען אויך אַנדערע לייטע, וועלכע פיהלען אַזוי ווי ער. ער האָט זיינע אידעען געהאַלטען פיר אָריגינעל־זיינע, און איהם איז גאָר ניט איינגעפאַלען צו דיינקען, אַז זיינע געפיהלען האָבען זיך אין איהם ענטוויקעלט דורך די לאָגיק פון פּאַסירונגען, און פון די נשמה־עמפּינדונגען, וואָס ער האָט וואַרשיינליך גע׳ירשן׳ט, אַלס קינד פון דעם פאָלק.

„וואָס איז אַ נאַציאָן?“ — האָט ער זיך געפרעגט. און האָט אַליין געענטפערט: „אַ גרופּע מענשען וואָס דערקענען אַן אַז זיי געהערען צוזאַמען, און ווערען צוזאַמענגעהאַלטען דורך דעמזעלביגען פיינד. דער פיינד מאַכט אונז צום פאָלק אָהן אונזער ווילען“. הערצל האָט, ווי מען זעהט, אפילו ניט אנערקענט דאַמאָלס די נאַציאָנאַלע אינסטינקטען. און טאַקי דערפאַר איז איהם דער געדאַנק פון אַ „יודענשטאַאַט“ פּאָרגעקומען ווי אַ שטיק נבואה פון אַנאַנדער וועלט.

עֶם פֶערשטֶעהט זיך, אַז אוּם אַזוי צֻו דיינְקען און צו פיהלְען מוז מֶען

זיין א מענש גאָר אָהן פאָראורטיילע, מען מוז זיין א פערזאָן מיט אזא הויכען בליק, ביי וועלכען די געזעלשאפטליכע, די רעליגיעזע אָדער די פּאָליטישע סביבה קענען ניט איינצאמען דעם געדאנקען. א וואָכעדיגער מענש, וואָס זוכט זיין גליק אדער „במקום־גליק" אין די בעקוועמליכקייטען פון וואָכע־דיגען לעבען, קען אזא הויכען בליק קיינמאָל ניט דערגרייכען. נאָר דעריע־ניגער, וואס געוואוהנט זיך צו בעטראכטען זאכען פון דעם העכסטען שפּיטץ טהורם, און זיי אָפּשאטצען אין זייער גרויסען צוזאמענהאנג, דער קען ווערען א ווערקצייג פון דעם בעהאלטענעם כח, וואס ער פיהלט אין זיך, הגם ער קען דעם דאָזיגען כח ניט פערשטעהן. נאָר די יחידי סגולה קענען זיך דער־הויבען צו אזא מדרגה, ווייל זיי קענען פערנעהמען אנדייטונגען פון העכערע ספערען, וואו עס ווערט ניט גערעדט אין קלאָרע ווערטער, נאָר אין עמפּ־פינדונגען, אין פיהלונגען. דער וואָכעדיגער מענש פיהלט גאר נישט דער־פון, און ער מאכט חוזק פון די יחידי סגולה, וואָס פיהלען יאָ. אָבער דאָס אויפבליטצען פון א העכערען געדאנק ביי דעם זשעניע דערוועקט אין איהם א זעלטענע אונרוהע, א דערהויבענע שטימונג פון געמיטה, וואָס טרייבט איהם צו שאפען.

קונסטווערקע, און אידעען, און גרויסע טהאטען ווערען געשאפען אָט פון דעם גרויסען גייסט, וועמעס אָדלערפליגלען הערצל האָט געמוזט הערען רוישען איבער איהם, ווען ער האָט געשריעבען זיין „יודענשטאאט". דאָס איז געווען א נאָכגעפיהל פון דער אייביגער תשוקה צו שאפען, ווי דאָס פיהלט אימער דער גרויסער שטאאטסמאן אזוי גוט ווי דער גרויסער קינסט־לער. דען בײדע זײנען פריהער משיג זייער גאנצעס ווערק מיט דער נשמה איידער זיי פיהרען דאָס דורך אין דער ווירקליכקייט. דעם דראַנג קען מען ניט ווידערשטעהן. מען איז אימער אונרוהיג, נערוועז, אויפגערעגט, ביז די זאך איז פאַרטיג; ווי הערצל אליין האָט פון זיך בעריכטעט: „שטעהענ־דיג, געהענדיג, ליעגענדיג, אויף דער גאַס, ביי'ן טיש, ביי נאכט, אויפ־שפּרינגענדיג פון שלאָף" מוז ער שרייבען. א פריינד העלפט איהם אויס מיט דער ארבייט פיר די צייטונג, ווייל ער אליין קען ניט ארבייטען. דער דראַנג צו דער אנדער ארבייט איז צו שטארק, צו אויפרעגענד. דען דער געדאנקען, אזוי ווי א לעבעדיג וועזען, ווערט מיט תענוג עמפּפאנגען און מיט שמערצען געבאָרען.

**הערצל און דער באראָן הירש.**

ווען הערצל איז געפאַלען אויפ׳ן פּלאַן וויעדער אויפצובויען דאָס אידישע פאָלק אויף זיין אייגענעם לאַנד האָט ער נישט געהאַט קיין ברעקעל כוונה ארויס־צוקומען דערמיט אין די עפענטליכקייט פאַר׳ן גרויסען עולם. ער האָט נאָר בדעה געהאַט צוצוקומען דערמיט צו זיינע פּערזענליכע פריינד, און צו אייני־גע איינפלוסרייכע און אנגעזעהענע מענשען. דאָס זיין פּלאַן מוז געפעלען יעדען אידען, וואָס וועט זיך נאָר אין איהם אביסעלע ארייננטראַכטען — אין דעם האָט ער שטאַרק געגלויבט. זו האָט געוואָלט זעהן טהאַטען, ניט דיסקוסיאָן; און די עפענטליכע אַגיטאַציע איז נאָר געוועזען אלס די לעצ־טע פּראָבע. פאַר אַלעם האָט ער געזוכט די האָפנונג אויף איין מאַן, וועל־כער האָט זיך דאַמאָלס גענומען צו דער פּערזעהנליכטערונג פון אידישע צרות אויף א גאַנץ ברייטען שטייגער. דאָס איז געוועזען באראָן הירש.

אין מאַי 1895 האָט זיך הערצל געווענדעט צו איהם מיט דעם פער־לאַנג, ער זאָל איהם בעשטימען א טאָג צו בעשפּרעכען מיט איהם „יודענ־פּאָליטיק". אם 20טען מאַי 1895 האָט ער ערהאַלטען א תשובה פון באַראָן הירש, אז ער געפינט זיך איצטער אין לאָנדאָן, און דערפאַר בעט ער איהם זיינע פאַרשלעגע פאַרצולייגען שריפטליך. אויף דעם האָט דר. הערצל פיער טעג שפּעטער געענטפערט מיט א בריעף, וועלכער איז זעהר כאַראַקטעריס־טיש פיר דר. הערצל׳ס שטייגער פון בעהאַנדלען מענשען. ער האָט זיך ערקלערט גרייט פאַרצולייגען די זאַך שריפטליך, אבער דאַנן האָט ער צוגע־לייגט: „אויב איהר זאָלט מיר דורך אייער סעקרעטער לאָזען צושיקען א תשובה אין א וועלכען־ניט־איז העפליכען נוסח פון „אם־ירצה־שם אין בע־טראַכטונג נעהמען", דאַן בין איך מיט אייך פאַרטיג. און דאָס וואָלט, פון טובת הכלל וועגען, געוועזען זעהר צו בעדייערן".

דער תקיפ׳דיגער טאָן, וועלכען דר. הערצל האָט דאָ בענוצט, האָט ניט פערפעהלט זיין צוועק. מיט דער נעכסטער פּאָסט האָט ער ערהאַלטען א תשובה פון באַראָן הירש, דאָס ער קומט אויף 48 שטונדען נאָך פּאַריז און ערוואַרטעט הערצל צו דער געווינשטער אונטערערדונג.

זייער בעגעגעניש איז געשעהן אם מאָנטאָג פון דער שבועות־וואָך 1895. הערצל׳ס פערצייכנונגען פון זייער שמועס איז העכסט אינטערעסאַנט. דער גרויסער געלד־איד מיט פילאַנטראָפּישע אידעען, און דער איד מיט גייסט, זיינען זיך געשטאַנען איינער געגען אנדערן, מאַגנעטיזירט איינער פון אנ־

דערן, און דאָך פול מיט מיסטרויען איינער צום אנדערן. הירש דיינקט, אז די יודענפראגע קען נאָר געלייזט ווערען, ווען מען זאָל די גייסטיגקייט פון אידען ארונטערשרויפען, ווען מען זאָל דעם דורכשניט מאכען מגושם׳דיגער, פאַרגרעבטער. די גאנצע שנאה קומט נאָר פון זייער צו גרויסער אינטעליגענץ. אין דעם זשורנאַליסטען, וועלכער שטעהט איהם אנטקעגען, זעהט ער נאָר א שווערמער, א בעל חלומות, הגם ער פיהלט זיין גייסט און ווייזט ניט צוריק הערצל׳ס קריטיק פון זיין אייגענער ארבייט. ענדליך זאָגט ער אליין: „אויסוואנדערן איז אם ענדע דאָס איינציגע. עס זייגען דאָ גענוג לענדער צו קויפען. אבער וואו וועט איהר נעהמען דאס געלד. ראָטשילד וועט מנדב זיין 500 פראנק". און הערצל, וועלכער האלט, אז דער עיקר איז די אידעע, און ניט דאס געלד, ענטפערט: „איך וועל צוזאמענברייננגען א נאַציאָנאַלע אנלייהע פון צעהן מיליארד מארק".

קומענדיג אהיים, פיהלט הערצל, אז ער מוז געבען נאָך א תשובה צו דעם קוים בעמערקבארען מעשה־חוזק־טאָן, מיט וועלכען באַראָן הירש האָט גערעדט, און איהם אויפקלערען איבער די גרעסערע מאכט פון א אידעע. ער איז אויף זיך אליין געוועזן בייז פאר וואס ער האָט זיך געלאָזט אונטערברעכען און אראָפפיהרען פון הויפט־פונקט. און ער שרייבט צו באַראָן הירש יענעם דריטען וואונדערבארען בריעף, אין וועלכען עס קומען פאָר פאָלגענדע צייל‌ען:

„...איך האָב אייך שליסליך אויך בעדאַרפט זאָגען וועלכע פאהנען, און ווי אזוי איך האָב זיי בדעה אויפצוהויבען. און אויב איהר וואָלט אין שפּאָט געפרעגט: „א פאהנע? וואס איז דאָס? א שטאנג מיט א שמאַטע!" וואָלט מיין ענטפער בעדאַרפט זיין: „ניין, מיין הערר, א פאָהנע איז מעהר ווי דאָס. מיט א פאָהנע פיהרט מען די מענשען וואוהין מען וויל, אפילו אין דאָס פערשפּראָכענע לאנד. פיר א פאהנע לעבען זיי און שטערבען זיי, א פאהנע איז א זאך, פאר וועלכע די מאסען זיינען גרייט אפילו צו שטאַרבען, ווען מען ערציהט זיי דערצו... ווייסט איהר פון וואס די דייטשע אימפעריע איז ארויסגעקומען? פון חלומות, ליעדלעך, פאנטאזיעס, און שווארץ־רויט־גאָלדענע בענדלעך. און אין א קורצע צייט! ביסמארק האָט נאָר ארונטערגעטרייסעלט די פרוכט פון דעם בוים, וואס די בעלי חלומות האָבען געפלאנצט. יא — שליעסט הערצל דעם בריעף כמעט מיט דער בע־

גייסטערונג פון א ביבלישען נביא — נור דאָס פאַנטאַסטישע ערגרייפט דעם מענשען, און ווער עס ווייס ניט וואס דערמיט צו טאָן, דער מעג פיע־לייכט זיין א פּאַרטרעפליכער, עהרליכער, מיושב׳דיגער מענש, ער מעג אפילו זיין אַ גרויסער פילאַנטראָפּ; אָבער פיהרען די מענשען וועט ער ניט, און עס וועט קיין זכר ניט בלייבען פון איהם“.

צוויי וועלטאַנשויאונגען האָבען זיך דאַ צוזאמענגעטראָפען. צוויי מע־נער וואָס זיינען גרייט צו אָפּפערן פיעל פאר זייער פאָלק, וועלכע האָבען זיך איינער דעם אנדערן ניט גלייך פערשטאַנען. הערצל האָט דעם גרויסען בעל צדקה ניט מעהר בעגעגענט; ער האָט איהם אפילו זיין „יודענ־שטאַאט“ ניט צוגעשיקט.

און דאָך, ווען הערצל האָט אם 21טען אפּריל, 1896, ערפאַהרען פון באַראָן הירש׳ס טויט, האָט ער אין זיין טאַגעבוך פערצייכענט: „איך פיהל אז אונזער זאַך איז אָרעמער געוואָרען“.

„דער יודענשטאַאט“. א קורצע צייט נאָך דעם איז ארויסגעקומען דער „יודענשטאַאט“, וועלכער האָט דעם אידי־שען עולם טיילווייז איבערראַשט און טיילווייז בעגייסטערט, האָט דערהוי־בען הערצל צום פיהרער פון די ציוניסטען און האָט געבראַכט אויף איהם א מבול פון האַס און ביטערקייט.

אין דער הקדמה צום „יודענשטאַאט“ האָט זיך הערצל בעוואָרענט, אַז מען זאָל ניט דענקען, דאָס ער האָט געשריבען אַן „אוטאָפּיע“, א פאַנ־טאַזיע. ער זוכט צו ערקלעהרען דעם אַנטיסעמיטיזם, און שטעלט זיך געגען די אַסימילאַציאָן, וועלכע ער האַלט ניט אַזוי פאַר אַ מיאוס׳ע זאַך, ווי פאַר אַן אונדורכפיהרבאַרע זאַך. דען די אַלטע פּאַראָורטהיילע געגען אונז זיצען צו טיעף אין דער נשמה פון די פעלקער: די פאָלקס־מעשה׳לעך און די פאָלקס־שפּריכווערטלעך זיינען אַנטיסעמיטיש. ער פערלאַנגט, אַז די יודענ־פראַגע זאָל געלייזט ווערען ווי א נאַציאָנאַלע פראַגע. „מיר זיינען אַ פאָלק, איין פאָלק!“

ווער עס פיהלט זיך אַלס איזראַעליטישער פראַנצויז, אָדער דייטש, דעם געהט די זאַך ניט אָן. ער רעדט ניט צו די אידישע דייטשען אָדער פראַנ־צויזען נאָר צו די דייטשע און פראַנצויזישע אידען.

און ווער וועט גאַראַנטירען פאר די ריינקייט פון דער אידעע און פאר

די קראפט זי דורכצופיהרען? צוויי קערפערשאפטען: „די סאָסייעטי אָוו דזשום“ אלס א מאָראלישע קראפט, און די „דזשואיש קאָמפּאַני“ אלס א געזעצליכע קאָרפּאָריישאָן, וואָס זאָל ערווערבען אייענגטהום פאַר די נאציאָן. די ערשטע זאָל זיין די געזעלשאפטליכע מאכט, די מאכט וואָס שאפט דעם שטאאט, די צווייטע זאָל פאָרשטעלען דעם שטאאט אלס א געזעצליכע פער־זאָן, ווען אפילו נאָך אין גלות. ביסלעכווייז זאָלען די אידען פון זייערע איצטיגע ערטער אריבערציהען אין דאָס נייע לאנד. די דזשואיש קאָמפּאַני ליקווידירט, מאכט צו געלד וואָס זיי בעזיצען, און גרייט פאר זיי צו די נייע היים. אויב נאָך פּאלעסטינא אָדער נאָך ארגענטינא, דאָס איז פאר איהם געווען גאנץ דאָסזעלבע. אָבער ניט בשתיקה, ניט דורך אריינ־גנב'ענען זיך, ווע͏לכעס מוז פיהרען צו דעם פערבאָט פון איינוואנדערונג; נאָר אויף דעם יסוד פון געזיכערטער זעלבסט־רעגיערונג.

די ניט־געלערנטע ארבייטער געפינען גלייך בעשעפטיגונג ביי ערד־ארבייטען, געביידען און עהנליכע אונטערנעהמונגען. אן ארבייטס־טאָג פון זיעבען שטונדען ווערט איינגעפיהרט. דאָס זאָל הייסען א פערזאמלונגס־רוף צו די אידישע אָרעמע פון דער וועלט, וועלכע זאָלען באמת קומען אין דאָס פעד־שפּראָכענע לאנד. יעדער נויטבעדירפטיגער קריעגט די ארבייט וואָס אונגעלערנטע ארבייטער קענען טהאָן. אָבער אויך רייכע אידען וועלען קומען: דאָ וועלען זיי מעהר ניט דארפען האלטען זייערע יום־טובים הינטער פערהאנגענע פענסטער. דאָס געלד זאָל קומען פון דער הויכער אידישער פינאנץ, אויב זי ווייס וואָס עס איז גוט פאַר איהר. און אויב זי וויים ניט, זאָל מען אפּעלירען צו דער מיטעל־קלאסע, ווי דאָס ווערט געטהאָן אָפט אין קאטוילישע קרייזען. און זאָגט זיך אויך די מיטעל־קלאסע אָפּ, דאן זאָל דער רוף געמאכט ווערען דירעקט צום פאָלק, צו דעם אָרעמען מאן, אויך צו קריסטען זאָל מען זיך ווענדען, א געלד־צייכנונג פון המון זאָל געמאכט ווערען. און דאָס אלעס מיט דער הילפע פון די רעגיערונגען וואָס וועלען אין דעם פעראינטערעסירט זיין.

און רייזען וועט מען אין דאָס נייע לאנד אין גרופּען, מיט'ן רב פאָר־אויס, דען די גייסטליכע וועלען דאָך זיין די ערשטע דעם פּלאן צו בעגרייפען. און לויט די גרופּען וועלען די פּלענער פון די שטעדט אויסגעלעגט ווערען. די מיטעל־קלאסע וועט ממילא נאכציהען נאָך די מאסען, צוליעב די בעצי־הונגען וואָס די מיטעלע קלאסען האָבען אימער צו זיי, און צוליעב דעם וואָס

דער ווערטה פון אייגענטהום וועט שטייגען אין דעם נייעם לאַנד אין דער צייט פון די וואַנדערונג, און אויך די קולטור וועט שטייגען. דאָס רעליגיעזע געפיהל, און דאָס בענקען נאָך אַ היים וועט טרייבען די מאַסע.

די „סאָסייעטי אָוו דזשוס“, אַלס דער פערטרעטער פון דער יודענהייט אין אַלע מאַטעריעלע אינטערעסען, וועט פערשטייגערען פּלעצער אין שטעדט, אָבער ניט פאַר געלד, נאָר פאַר לייסטונגען, פאַר אויפטהואונגען, און וועט אַלס בעלוינונג פאַר גרעסערע אָפּפער איינטהיילען אוניווערזיטעטען, האָכ־שולען און אַנשטאַלטען פון שטאַאט. זי וועט אויסאַרבייטען די קאָנסטי־טוציע, וועלכע וועט געבען דעם שטאַאט אַ סאָרט פון אַריסטאָקראַטיש־רעפּובּליקאַנישע רעגיערונג.

און אַזוי ווי מיר קענען ניט ריידען אונטער אונז העבּרעאיש, וועט יעדע־רער ריידען זיין שפּראַך, ווי דאָס איז געווען דער פאַל ביי דער בעשאַפונג פון דער שווייץ. מיר דערקענען זיך איינער דעם אַנדערען ניט אין דער שפּראַך, נאָר אָן דעם גלויבען וואָס מיר האָבען בירושה פון אונזערע אור־עלטערען. אָבער גלויבענס־פרייהייט זאָל הערשען. אויך איינער פון אַ פרעמדער נאַציאָן זאָל געניסען אַלע רעכטע ווי איינגעבאָרענע. האָבען מיר דאָך גענוג צייט געהאַט צו לערנען טאָלעראַנץ! אַזוי וועט פון דער ערד אַרויסוואַקסען אַ דור פון וואונדערבאַרע אידען. די מאַקאַבעער וועלען וויע־דער אויפשטעהן. נאָך אַ מאָל ווערט דאָס וואָרט פון אָנפאַנג איבערגע־חזר׳ט: „די אידען וואָס ווילען עס, וועלען האָבען זייער שטאַאט“.

הערצל האָט געוואוסט, ווען ער האָט זיינע געדאַנקען געבראַכט אויפ׳ן פּאַפּיער, דאָס עס וועט זיך אויפהויבען אַ ליאַרעם פון איינוועגדונגען און טענות; דאָס פיעלע וועלען איהם ערקלעהרען פאַר אַ ווילדען פאַנטאַזיאָר. אָבער דאָס וואָרט „אונמעגליך“ האָט אין זיין וואָרט־אוצר ניט עקזיסטירט. ער האָט זיך אימער געהאַלטען אָן דעם זאָג פון קאַרלייל: „שטרעק אויס דיין האַנד צו טהאָן אין גאָט׳ס נאָמען; זיי וויסען, אַז דאָרט וואו וואַרהייט, און ערבאַרמען, און די שטימע פון נאַטור בעפעהלען, האָט דאָס וואָרט „אונמעגליך“ קיין פּלאַץ אין דעם ווערטער־בוך פון דעם בראַווען מאַן; דאָס ווען אַלע מענשען זאָלען זאָגען „אונמעגליך“ און זיך אָוועקקעהרען אַנדערש־וואו, און נאָר דו אַליין זאָלסט בלייבען, דאַן ערשט איז געקומען דיין צייט און מעגליכקייט. נו, איז דיין רייה געקומען! טהו עס און פרעג ביי קיינעם קיין עצה ניט, מעהר ניט ביי זיך אַליין און גאָט.“

**הערצל׳ס לאגע נאך זיין פערפאסען זיין „יודענשטאאט“**

און ווירקליך איז הערצל׳ס לאגע, נאך דעם ווי ער האט פערפאסט זיין „יודענשטאאט“ געווארען כמעט אן אונמעגליכע. די „מאקאבעער“ אין לאנדאן האבען איהם, אמת, נאכדעם ווי ער האט פאר זיי געהאלטען א פארטראג אם 24טען נאוועמבער, 1895, געמאכט פאר אן עהרען־מיטגליעד, און די לאנדאנער חובבי ציון זיינען אויף איהם אויפמערקזאם געווארען, אבער ריכטיגע מיטהילפע האט ער ניט ערהאלטען. זיינע נאהענטסטע פריינדע האבען איהם גאר אין גאנצען ניט פערשטאנען. באראן הירש איז געשטארבען אין דעם אויגענבליק ווען הערצל האט געהאט בדעה איהם איבערצוגעבען א קאפיע פון „יודענשטאאט“. נאר איין מאן, א שריפטשטעלער מיט א נאמען אין איירארפא, א גרויסע פערזענליכקייט, האט זיך איהם געשטעלט ענטשלאסען ביי דער זייט, מיט איהם צוזאמען צו קעמפפען. דאס איז געווען מאקס נארדאו.

עס איז ניט אונזער אויפגאבע דא אפצושאצען די ציוניסטישע ווירקונג פון נארדאו. דאס געהערט צו דער געשיכטע, און קען ניט הויך גענוג געשאצט ווערען. אבער איין זאך מוז דא געזאגט ווערען, דאס הערצל איז געהאנגען אן זיין „טהייערען און גרויסען פריינד“ מיט זעלטענער ליעבע און פערעהרונג. דיעזע בעציהונגען זיינען געבליעבען אונפערענדערט ביז צו הערצל׳ס טויט, נישט קוקענדיג אויף מאנכע מיינונגס־פערשיעדענהייטען, וואס איז פארגעקומען צווישען זיי, ווי צום ביישפיעל אין דער אוגאנדא־פראגע.

צוואווארפען איבער רוסלאנד, עסטרייך, דייטשלאנד, רומעניען און אנדערע לענדער, האבען זיך געפונען ציוניסטישע און נאציאנאל־אידישע ארגאניזאציעס. זייער צאהל איז געווען ניט גרויס, זייער אויפטהו־קראפט לייכט. שוין אין סעפטעמבער 1893 האבען זיי געהאט א צוזאמענפאהר, אין וועלכען עס האבען זיך בעטהייליגט אכט קעמפפער פאר דעם געדאנקען פון אידישער וויעדערגעבורט. מען האט דארט גערעדט וועגען דער צוזאמענרופונג פון א ציוניסטישען וועלט־קאנגרעס אין בערלין, ארום פסח־צייט 1894, אבער ווייטער ווי הכנות איז מען ניט געקומען. אבער דער וויענער סטודענטען־פעראיין „קדימה“ האט אין דעם פערפאסער פון „יודענשטאאט“ דערזעהן א פאסענדען פיהרער, און האט איהם דערהויבען צו זיין וועגווייזער. אין מאי 1896 האט דר. מ. ט. שנירער געהאלטען א פארטראג

איבער'ן „יודענשטאאט“ פאר דעם פערבאנד „ציון“ אין וויען, און דער פערבאנד, צוזאמען מיט די סטודענטען־געזעלשאפטען פון די אוניווערזיטעטען וויען, גראַץ און טשערנאָוויץ, האָבען ארויסגעלאָזט אן אויפרוף צום עולם צו אונטערשרייבען אַן אדרעסע צו דר. הערצל. די אדרעסע איז באַלד געווען בעדעקט מיט טויזענדע אונטערשריפטען. אָהן דיעזען אויפרוף פון די סטודענטען וואָלט הערצל שווערליך געקומען אזוי שנעל צו דער הויכער שטעלע פון א פיהרער. פון די אָנגעזעהענע פערזאָנען וואָס האָבען זיך אינטערעסירט אין דעם רעיון, האָבען איהם נאָר א קליינע צאָהל געפאָלגט. אפילו דר. רילף האָט געמאכט שהיות איידער ער האָט זיך געשטעלט אונטער דער פיהרערשאַפט פון דר. הערצל. זיי האָבען איבערגעקלעהרט וועגען הערצל'ס צו גרויסע תקיפות, ניט וויסענדיג פון וואנען דאָס נעהמט זיך ביי איהם. ווייל זיי האָבען ניט געוואוסט, דאָס די גאנצע נאציאָנאַלע בעוועגונג ביז איהם איז איהם באמת אונבעקאנט געווען, האָבען זיי געהאט א חשד, אַז עפּעס א כבוד־זוכער איז געקומען, און וויל זיי אין גאנצען מבטל זיין. זיי האָבען געצווייפעלט אין די ערנסטקייט פון דעם מאַן, וועלכער איז ארויסגעטראָטען פלוצלונג פון גאָר ניט־אידישע קרייזען, איז געקומען צוריק צו זיין פאָלק און וויל אַזוי מיר־ניט דיר־ניט איבערנעהמען זייער ראָלע. אויך איז פיעלע פון זיי ניט געפעלען געוואָרען זיין פּלאַן ארויסצוטראָגען אין די ברייטע עפענטליכקייט די דיסקוסיאָן פון א פראַגע, וואָס מען האָט געהאלטען פאר אַן אינערע אידישע אַנגעלעגענהייט.

**פאַר'ן ערשטען באַזעלער קאָנגרעס.**

אָבער דאָס ראָד איז איינמאָל געבראכט געוואָרען אין בעוועגונג, און די שהיות־מאכער, און די מיושב'דיגע זיינען געשטאַנען געגען א מאַן פון זעלטענער ווילענסקראַפט און גרויסער ארבייטספעהיגקייט, א מאַן וואָס איז געווען ענטשלאָסען אויסצונוצען יעדע געלעגענהייט וואָס איז געקומען צו דער האנד. עס האָט זיך באַלד ארויסגעוויעזען, דאָס הערצל האָט ארויסגעזאָגט געדאנקען, וועלכע האָבען געדרעמעלט אין פיעלע הערצער. די מאסען אין מזרח־איירָאפּא האָבען אנגעהויבען ארויסצואווייזען אונרוה. „שוין האָב איך מיין לוין“ — שרייבט הערצל אם 8טען אַפּריל, 1896, צו זיין פריינד גוסטאוו ג. קאָהען אין קאמבורג — „די אָרעמע לייט פון אונזער פאָלק דערקענען מיך אָן אלס זייער פריינד; אוים רוסלאנד, גאַליציען, רומעניען, בולגאַריען, אונגארן

קריעג איך בעגייסטערטע צושטימונגען; די שטודירענדע יוגענד שטעלט זיך הינטער מיך, אין ענגלאנד נעהמט מען די זאך אן ערנסט... איך קען מיינע אידען, איך וויים וואס אין אונז שטעקט, וואס אין אונז מוז שטעקען, נאכ־דעם ווי מיר האבען אויסגעהאלטען אזעלכע שווערע פראבען, וועלכע קיין אנדער פאלק אין דער געשיכטע האט ווען אויסגעהאלטען".

און אזוי שנעל ווי ער האט דאס איינגעזעהן, האט ער אנגעהויבען צו טהאן.

אויב מען וויל געפינען אין א לאנד א היים, וואס זאל זיין געזיכערט לויט אינטערנאציאנאלען געזעץ, מוז מען נאטירליך פריהער קריעגען די הסכמה פון דעם הערשער פון אזא לאנד. די מאסען אבער האבען זיך ניט בעגייסטערט פאר ארגענטינא, פאר דאס לאנד וואו אידען מעגען אויך זיין אקערבויער. זיי האבען געוואלט זייער היסטארישע היים, וואו די אידען קענען אויך זיין אקערבויער.

הערצל האט אנגעפאנגען זיין טהעטיגקייט, דורכפארשענדיג צוערשט די צושטענדע אין קאנסטאנטינאפאל. אויף זיין דורכרייזע אין סאפיא האבען די בולגארישע אידען געמאכט פאר איהם א שטורמדיג־בעגייסטערטען קבלת פנים. און ער איז געקומען צוריק אהיים מיט גרויסע האפנונגען אויף די צוקונפט. אם ערשטען יולי, 1896, שרייבט ער צו מר. קאהען: „מיט א גלענצענדען רעזולטאט בין איך היינט געקומען פון קאנסטאנטינא־פאל, און רייז מארגען נאך לאנדאן". נאטירליך איז דער געמיינטער רעזול־טאט בעשטאנען נאר אין אנקניפען געוויסע בעציהונגען מיט דער טערקישער רעגיערונג. אבער מען האט איהם גענומען ערנסט! הערצל האט אויך דא פערשטאנען די ריכטיגע פסיכאלאגיע. אזוי ווי ער אליין איז ניט גענוג פערטרויט געווען מיט דער מאשינעריע פון דער טערקישער רעגיערונג, האט ער זיך גענומען א געוויסען דיפלאמאט פאר א בעגלייטער. אום צו מאכען דעם געהעריגען איינדרוק האט ער קיין זאך ניט געשפארט. ער האט גע־שטרעבט צו מאכען זיין אויפטרעטען אזוי איינדרוקספאל ווי מעגליך.

איינינע טעג שפעטער, אם זעקסטען יולי, האט הערצל גערעדט אין לאנדאן פאר דעם מאקאבעער־פעראיין. די פארנעהמסטע אידען פון לאנ־דאן, ווי גאלדסמיטה, סינגער, סער סעמיועל מאנטאגיו זיינען געווען ביי דער פערזאמלונג. אין דער זעהר ווארימער דעבאטע, וואס האט זיך דארט ענטוויקעלט, איז הערצל שטארק אונטערשטיצט געווארען פון דעם קריסט־

ליבען מאהלער, האַלמאַן האַנט, וועלכער איז אויך, גאַנץ אונאַבהענגיג פון הערצל, געקומען אויף דעם געדאַנק אויפצובויען אַ אידישען שטאַאַט. פון די אידישע רעדנער האָט זיך זאַנגוויל צופריעדענגעשטעלט מיט עטליכע גלייכגילטיגע ווערטלעך. די פיהרער פון די חובבי ציון זיינען בעשטאַנען אויף איינ־וואַנדערען אין ארץ ישראל אפילו אָהן אַ פּאָליטישען יסוד, וועהרענד אַנ־דערע האָבען גע'טענה'ט, אַז הערצל'ס פּלאַן איז אין גאַנצען געגען די אידעע פון דער אידישער מיסיאָן (שליחות) אויף דער וועלט, און זיינען געווען געגען איהם.

דיעזע ערפאַהרונג האָט הערצלען איבערציינגט, אַז פאַר אַלעם מוז ער זעהן צו געווינען די מאַסען, און דאָס אַ וועלט־קאָנגרעס איז נויטיג — אַ בימה, אַ טריבונע, פון וועלכער דאָס אידישע פאָלק זאָל קענען בעקאַנט מאַכען צו די רעגיערונגען און פעלקער פון דער וועלט וואָס זיי ווילען, און זיי איבערצייגען פון דער ניצליכקייט און דורכפיהרבאַרקייט פון דער אידעע.

נו, האָט זיך אָנגעהויבען אַ פיעבערהאַפטע טהעטיגקייט. הערצל קומט אין בעריהרונג מיט אַ גרויסע צאָהל פּערזאָנען, זוכט צו ענטוויקלען די פער־בינדונגען מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און צו מאַכען נייע פערבינדונגען מיט פערשיעדענע הערשער פון אייראָפּאַ. ער פערפאַסט אַ מעמאָראַנדום צו דער פאַמיליע ראָטשילד, אויף וועלכע ער לעגט גרויסע האָפנונגען. עדמונד־דע־ראָטהשילד האָט שוין דאַמאָלס געהאַט דעם שם פון אַ חובב ציון, אַ בעשיצער פון די קאָלאָניען אין ארץ ישראל. מיט עדמונד האָט הערצל געהאַט אַ לענגערע אונטעררעדונג. ער האָט איהם אָנגעבאָטען די פיהרער־שאַפט פון דער בעוועגונג, וועלכע ראָטשילד האָט צוריקגעוויזען. די בע־גייסטערונג פון די מאַסען איז געוואַקסען, אָבער אויך די געגנערשאַפט האָט זיך געשטאַרקט געגען אַ פּראָגראַם מיט אַ יודענשטאַאַט, אַלס הויפּט־געגענ־שטאַנד, און געגען הערצל'ס פאָדערונג אַז די איינוואַנדערונג בשתיקה זאָל אויפהערען, ביז מען וועט קריגען די געהעריגע זיכערונג פון אַ שטאַאַט. אַם 7טען נאָוועמבער רעדט ער אין דער „וויענער אוניאָן". דאָ רעדט ער שוין וועניגער פון אַ יודענשטאַאַט, און מעהרער פון „קאָלאָניזאַציאָן אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, וואָס שטעהט אונטער איהר אייגענעם שוץ, און האָט איהרע זעלבסט־פערוואַלטונג (אויטאָנאָמיע)". ער רעדט פון דער „ערלויבניס פאַר אַ מאַסען־איינוואַנדערונג" פון דער זייט פון דער טערקישער רעגיערונג, פאַר וועלכע אַ געוויסער יעהרליכער טריבוט זאָל געצאָהלט ווערען. צו דעם צוועק וויל ער גרינדען אַ נאַציאָנאַל־פאָנד דורך צייכנונג.

אם 6טען און 7טען מערץ, 1897, איז ווידער אָבגעהאלטען געוואָרען אין וויען, אין דער רעמבראנדטגאַסע, אַ קאָנפערענץ, וועגען צוזאַמענרופען אַ ציוניסטישען וועלט־קאָנגרעס. הערצל איז געווען פאָרזיצענדער. די אַנוועזענדע זיינען געוועזען: הערצל, מאָזעס, קרעמענעצקי, זאלץ, שטיינער, טהאָן, טוראָוו, באַמבוס, עהרענפרייז קעללנער, קאָקעש. אונטער זיי זיינען געווען אייניגע, וואָס זיינען געשטאַנען פאר שטילע איינוואַנדערונג, אָדער, ווי הערצל האָט עס גערופען „אינפילטראַציאָן“. אַ קאָמיטע איז ערנאַנט געוואָרען צו מאַכען די נויטיגע פאָרבערייטונגען צום קאָנגרעס, וועלכער איז בעשטימט געוואָרען פאַר דעם 25טען ביז צום 27טען אויגוסט, געהאלטען צו ווערען אין מינכען.

אויף דער ערשטער בעקאַנטמאַכונג, וואָס די קאָמיטע האָט אַרויסגע־לאָזט וועגען קאָנגרעס, איז אָנגעצייגט געוואָרען, אַז ביים קאָנגרעס וועלען פאָרטרעגע געהאלטען ווערען פון נאָרדאו, באַמבוס, הירש הילדעסהיימער, באָדענהיימער און הערצל. דער לעצטערער האָט געזאָלט ריידען אויף דער טהעמא: „די יודענפראַגע און דער קומענדער דיפּלאָמאַטישער קאָנגרעס פון די גרויסמעכטע“. וועגען די בעדייטונג פון קאָנגרעס הייסט עס דאָרט: „אַזוי קריעגען די בעדירפניסע פון כלל אַן אָרגאַן. דאָס וועט שאַפען אַן אָרט וואו אונזערע בריעדער וועלען קענען לאָזען הערען וואָס זיי ווילען, און וועלען קענען אויסריידען זייער הארץ און זייערע צרות. די אידישע זאַך דארף ניט זיין די זאַך פון איינצעלנע פערזאָנען — ווי גוט דיעזע פער־זאָנען זאָלען ניט מיינען — זי מוז אַרויסגענומען ווערען פון זייער רשות. עס מוז אַ בימה געשאַפען ווערען, פאַר וועלכער יעדער איינער זאָל מוזען אָפּגעבען דין וחשבון פאַר דאָס וואָס ער טהוט, אָדער לאָזט איבער נישט געטהאָן אין דער אידישער זאַך. קיין אויפריכטיגער מענש וועט זיך שטעלען נעגען אַזאַ אויפטהו!“.

**די געגנער פון קאָנגרעס.**

אָבער הערצל, אין דער ריינקייט פון זיין וואונש צו דיענען דער הייליגער זאַכע, האָט זיך ליידער ניט גענוג גערעכענט מיט מענשליכע שוואַכקייטען. אין דער פרעסע און הינטער די קוליסען האָט עס אָנגעהויבען צו זידען און צו קאָכען ווי אין אַ קעסעל־גרוב, און אלץ געגען קאָנגרעס. סטייטש! אַזוינס איז דאָך גאָר אויף דער וועלט ניט געהערט געוואָרען! אידישע זאַכען אַרויסברענגען פאַר דער גאַנצער וועלט! און דערצו נאָך אונטער דעם פאָרזיץ פון אַ מאַן

וואָס וויל גאָר אַ יודענשטאַאַט! אייניגע האָבען אין דעם דערזעהן אַ סכנה צו דער אידישער עמאַנציפּאַציאָן, אַנדערע האָבען געציטערט, אַז דער אַנטי־סעמיטיזמוס וועט דורך דעם שטאַרק אויפפלאַקערען, און דאָס די ליבעראַלע פּערטהיידיגער פון יודענטהום וועלען זיך פון אידען אָפּשאָקלען.

אַ טהייל פון די אַלטע חובבי ציון האָט מורא געהאַט, אַז צוליעב דעם קאָנגרעס וועט פּערבאָטען ווערען די קליינע קאָלאָניזאַציאָן. און ענדליך האָבען זיך אויך איינגעפונען ניעדריגע כאַראַקטערע, וועלכע געפינען אין יעדען גרויסען געדאַנקען, אין יעדער גרויסער טהאַט פון אַן אַנדערען אַ פּאָרוואורף פאַר זיך. פאַר וואָס יענער און ניט איך! דאָס זיינען פאַר־שוינען וואָס זייער אייגענער גייסטיגער דלות און שפלות צווינגט זיי, מבטל צו זיין אַלעס וואָס איז נאָבעל, חוזק צו מאַכען פון אַלץ וואָס איז ערהאַבען, צו בעוואַרפען מיט בלאָטע און צו קעמפּפען מיט גיפטיגע פיילען.

אָבער הערצל האָט זיך ניט געלאָזט איינשרעקען. ער האָט נאָר געהאַט איין תשובה: „עס מוז זיין אַ גרויסער קאָנגרעס“. און ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס פאַר אַ געוואַלטיגע געגנערשאַפט ער וועט האָבען.

דער ערשטער האָט זיך דר. הערמאַן אַדלער, טשיעף רבי פון ענגלאַנד, געלאָזט הערען געגען נאַציאָנאַל־יודענטהום. שפּעטער האָט ער געזוכט הערצל צו שטערען ביי דער גרינדונג פון דער באַנק. נאָך איהם איז גע־קומען מיט אַ ביכעל דער וויענער אויבערראַבינער, דר. גידעמאַן, וועלכער איז פריהער דוקא געוועזן פריינדליך צו דר. הערצל׳ס „יודענשטאַאַט“. ער האָט געהאַט געלעזען אַ קאָרעקטור פון יודענשטאַאַט נאָך איידער דאָס ביכעל איז ערשיענען, און האָט געשריעבען צו הערצל: „איך האָב אַלעס געלעזען און געפין קיין זאַך נישט איינצואווענדען דאַגעגען“. די תשובה וואָס דר. גידעמאַן האָט אַם 23טען אַפּריל 1897 ערהאַלטען אין בלאָך׳ס וואָכענשריפט, האָט בעוויעזען ווי שניידיג הערצל האָט געקאָנט זיין מיט דער פעדער ווען ער האָט געוואָלט.

ער האָט באַלד געפונען גענוג געלעגענהייטען צו בענוטצען דיעזע פע־דער אין קאַמפּף מיט פערזאָנען, אי אַזעלכע וואָס זיינען געשטאַנען אין דער בעוועגונג, אי אַזעלכע וואָס זיינען געשטאַנען אויסער דער בעוועגונג. פאַר אַלעם האָט ער געפונען פאַר נויטיג צו שאַפען זיך אַ ציימונג־אָרגאַן, ווייל די גאַנצע פרעסע איז געלעגען אין הענד פון געגנער. קיין געלד פיר די אויסהאַלטונג פון אַזאַ צייטונג איז נאַטירליך ניט געוועזן. אָבער הערצל

האָט זיך קיינמאָל ניט געלאָזט אפּשטעלען ביי'ן מאַכען זיינע פּלענער צו־ליעב געלד־חשבונות. איבערהויפּט האָט ער אין געלדזאַכען זיך געפיהרט מיט דער ברייטער האַנד.

**די גרינדונג פון „די וועלט“.**

זיין פריינעבינקייט און זיין גלייכגילטיגקייט צו געלד האָט האַרמאָניש געשטימט מיט זיין גאַנצען כאַ־ראַקטער. אויך אין שפּעטערדיגע צייטען, ווען די אָרגאַ־ניזאַציע איז שוין געווען נישקשה'דיג שטאַרק, און האָט געהאַט אין דער האַנד היבשע סומען געלד, האָט הערצל קיינמאָל ניט געטראַכט וועגען צו־ריקקריעגען די היבשע געלדער, וואָס ער האָט אויסגעלייגט. אַזוי איז עס געקומען, דאָס זיין פערמעגען איז באַלד צעררונען געוואָרען, און דאָס ער האָט מיט זאָרג געבליקט אין די צוקונפט, דיינקענדיג פון זיינע קינדער. ער האָט אַלעס געהאַט געאָפּפערט, מיט זעלטענער אונאייגענניטציגקייט וואָס איז ביי איהם געווען אַזוי נאַטירליך; ער האָט קיינמאָל ניט פערשטאַנען ווי אַזוי אַנדערע קענען אַנדערש זיין, און איז דערפאַר פיעל מאָהל אָבגע־נאַרט געוואָרען. ער האָט אַלעס אוועקגעגעבען: געזונדהייט, כחות, רוהע, הויזליכע בעקוועמליכקייטען, זיין פערמעגען, און צולעצט אויך זיין לעבען.

די „וועלט“ איז אַלזאָ געגרינדעט געוואָרען אויף הערצל'ס געלד, אום צו זיין, — ווי הערצל האָט זיך אויסגעדריקט אין פּראָגראַם פון 3טען יוני, 1897, — „אַ פערטיידיגונג און אַ וואָפען — און דוקא אַ רייגער וואָפען, פאַר'ן אידישען פאָלק געגען זיינע פיינדע, אָהן אונטערשייד פון אמונה, — אַלס דאָס אָרגאַן פון די מענער, וועלכע זוכען צו פיהרען דאָס יודענטום פון איצטיגע צייטען צו בעסערע, אין אַ זיכערע היים, אַנערקענט פון די פעל־קער, פיר אַזעלכע אידען, וואָס ווילען ניט אָדער קענען ניט זיך אסימילירען אין די לענדער, וואו זיי לעבען איצטער“.

**די שטעלונג פון די חובבי ציון.**

גלייך דער ערשטער לייט־אַרטיקעל אין דער ער־שטער נומער פון דער „וועלט“, געשריעבען פון הערצל, און בעטיטעלט „דער קאָנגרעס“ איז אויך גע־ווען אַ סאָרט פּראָגראַם. דער לייטאַרטיקעל אין דער צווייטער נומער איז געווען פון מאַקס נאָרדאַו געגען דר. גידעמאַנ'ס ביכעל. איצטער האָט זיך אָנגעפאַנגען די רעכטע פערטיידיגונג פון דעם קאָנגרעס־געדאַנקען. שוין

אין מאָנאַט אַפּריל האָבען זיך אנגעפאנגען הערען אונצופריעדענע קולות פון חובבי־ציוניסטישע קרייזען. הירש הילדעסהיימער, וועלכער האָט זיך געהאט פערדיענט געמאַכט מיט זיין ערגעבענהייט און אונאייגענניטציגקייט, האָט זיך צוריקגעצויגען פון דעם קאָנגרעס־געדאנקען און האָט זיך ענטזאגט צו האַלטען ביי'ן קאָנגרעס זיין פאָרטראג איבער „די אויפגאבען פון דער אידישער וואהלטעטינקייט אין פאַלעסטינא". ער האָט געמיינט, זאגט ער, אז דאָ האַנדעלט זיך וועגען א קאנגרעס פון חובבי ציון, ניט וועגען א ציוניסטישען קאָנגרעס, און דעריבער האָט ער זיך צוריקגעצויגען, ווען ער האָט איינגעזעהן זיין טעות. פאר איהם און זיינע פריינדע איז דאָס אויסערליכע אויסזעהן פון דער אונטערנעהמונג געוועזען העכסט וויכטיג. יא, זיי זיינען ציוניסטען, אפילו נאציאנאַליסטען אויך, אבער זיי האָבען מורא געהאט, אז דער פאָליטישער שטעמפעל, וואס ווערט ארויפגעדריקט אויף דער בעוועגונג דורך הערצל, קען נאָך ברייננגען שאדען, און דאס די לייטע, וועלכע שטעהען פיר די קאָלאָניזירונג פון פאַלעסטינא קענען צוריקציהען זייער סימפאַטיע. הערצל אבער האָט קיין חילוק געזעהן צווישען הילדעסהיימער'ס חובבי ציוניזמוס און זיין ציוניזמוס. ער האָט ניט געקענט און האָט ניט געוואָלט מאכען קיינע פשרות, און זיין געהן ווייטער „לשיטתיה", האָט אין די אויגען פון די בערלינער הערען אויסגעוויעזען ווי פערגוואלטיגונג. ווילי באַמבוס האָט זיך ענטזאגט פון דעם קאָמיטע, וואָס האָט פארבערייטעט דעם קאָנגרעס, האָט אבער דאך פון דעסטוועגען טיילגענומען אין באַזעלער קאָנגרעס; אָבער מיט דער אויסגעשפראָכענער כוונה אויפצוטרעטען געגען הערצל. אויך די פיהרער פון די לאנדאָנער חובבי ציון האָבען ערקלערט אז זיי וועלען זיך אין דעם קאָנגרעס ניט בעטייליגען, ווייל די מיטעל, וועלכע הערצל האָט בדעה צו געברויכען, זיינען אנדערס ווי זייערע מיטעל. הערצל האָט אויף דעם מיט רעכט געענטפערט, אז אין באַזעל וועט מען זיך ערשט וועגען די מיטעל בעראַטען.

**פראָטעסט פון דער מינכענער געמיינדע**

פון דער זייט פון די אסימילאַטאָרען איז די געגנערשאַפט געוועזען נאַטירליך א גאנץ אנדערע. די ראבינער פאָגעלשטיין און מאיבוים זיינען ארויס מיט א פראָטעסט אין דער „אלגעמיינער צייטונג דעם יודענטומס". „מיר פראָטעסטירען — זאָגען זיי — וואָס די איינבערופער פון קאָנגרעס אונ־

טערשטעהען זיך צו פיהרען דאס וואָרט אין נאָמען פון דער יודענהייט, און מיר זיינען איבערצייגט, אז קיין ראבינער אדער פארשטעהער פון א דייטשע געמיינדע וועט ערשיינען אויפ'ן קאָנגרעס, און אויף דעם אופן וועט עס געוויעזען ווערען צו דער גאנצער וועלט, אז די דייטשע יודענהייט האָט קיין שייכות ניט מיט די טענדענצען פון די ציוניסטען“. זיי האָבען אבער גע־האַט דעם הארצוועהטאָג צו זעהן גלייך אין דער נעכסטער נומער פון די „וועלט“ א שארפע תשובה פון דעם אַלטען עהרווירדיגען ראבינער דר. רילף פון מעמעל.

אין דערזעלבינער צייט האָט דער פאָרשטאַנד פון דער מינכענער גע־מיינדע צוגעשיקט א פּראָטעסט צום קאָמיטע פיר די פאָרבערייטונג פון קאָנ־גרעס, מיט א פּראָטעסט געגען די אבהאַלטונג פון קאָנגרעס אין מינכען. דאָן איז ציריך גענומען געוואָרען אין בעטראַכטונג אַלס אָרט פאַר'ן קאָנ־גרעס, און שליעסליך איז בעשטימט געווארען אבצוהאַלטען דעם קאָנגרעס אין באַזעל, אם 29טען אויגוסט, און עטליכע טעג נאָך דעם.

**„פּראָטעסט ראַבינער“.** ווען מען האָט אין דעם לאַגער פון די געגנער דערזעהן, אז עס העלפט קיין זאַך געגען דעם אייזערנעם ווילען פון דעם פיהרער, זיינען זיי געפאַלען אויף א מיטעל, וואס נאָך זייער מיינונג, האָט עס געזאָלט געבען דער בעוועגונג א טויט־קלאַפּ.

די ראבינער מייבוים, גוטמאַן, האָראָוויטץ, אויערבאַך און ווערנער האָבען, אַלס פאָרשטעהער פון דעם דייטשען ראבינער־פערבאַנד, ארויסגע־לאָזען אן ערקלערונג דורך דאס בערלינער „טאַגעבלאַט“ און אנדערע צייטונ־גען, אין וועלכער זיי האָבען געזאגט, אז די בעשטרעבונגען פון די „זאָגענאַנ־טע“ ציוניסטען שטעהען אין ווידערשפּרוך צו דעם גלויבען אין משיח, און דאס יודענטום פערפּליכטעט דעם אידען צו דיענען דעם פאַטערלאַנד „צו וועלכען ער געהערט“ מיט אַלע קרעפטען. געגען די קאָלאָניזאציאָן פון פּאַ־לעסטינא האָבען זיי גאר ניט איינצווענדען, אבער די ציוניסטישע בעשטרע־בונגען, און בעזאנדערס דער געפּלאַנטער קאָנגרעס מוזען פערוואַרפען ווערען „צוליעב רעליגיעזע טעמים, און אויך וועגען פאַטערלאַנדסליעבע“.

דיעזע ווייט־פערשפּרייטע ערקלערונג האָט דער בעוועגונג ניט נאָר ניט געשאַדעט, זאנדערן האָט איהר נאָך פיעל נוטצען געבראַכט. מען האָט גע־קענט שפּירען אין דער ערקלערונג א שטיקעל מסירה'לע געגען די ציוניסטען,

א בעשולדיגונג, אז זיי זיינען ניט טריי דעם פאטערלאנד, און די לייטע, וואס האָבען זיך אין קאָנגרעס פעראינטערעסירט, האָבען פערדאפּעלט זייער־ אָנשטריינגונגען. צוריקגעהאַלטען האָט די ערקלערונג קיינעם ניט. אבער די ראַבינער וואס האָבען די ערקלערונג אונטערצייכענט, האָבען געכאפּט א שעהן ביסעל צרות, און האָבען געמוזט הערען פיעלע ניט־אנגענעהמע זאכען. הערצל אַליין האָט אין זיין לייט־אַרטיקעל אין דער „וועלט" אָם 10טען יולי, 1897, געשאַפען דעם נאָמען „פּראָטעסטראַבינער". „אום מיר זאלען אין דער צוקונפט ניט פערוועקסלען דיעזע מיט די גוטע ראַבינער, וועלען מיר די אנגעשטעלטע פון דער סינאגאָגע, וואס פּראטעסטירען געגען די ערלייז־ זונג פון זייער פאָלק, בעצייכענען מיט דעם נאָמען „פּראָטעסטראַבינער"

פון די וואס האָבען אונטערצייכענט דעם פּראָטעסט איז מינדעסטענס איינער שפּעטער געקומען גאנץ נאָהענט צו דער ציוניסטישער בעוועגונג, און די אנדערע האָבען אויך שטילערהייד חרטה געהאט. אבער די אויפ־ רעגונג פון דער אידישער עפענטליכקייט געגען די שטערונג פון זייער רוה, די מורא אין די קרייזען פון אידישע תקיפים איז געווען אזוי גרויס, דאָס דיעזע לייטע, וועלכע זיינען זאָנסט אזוי קלוג און געלאסען, האָבען פאר א ווײַלע פערלאָרען זייער שכל הישר.

**אַמעריקאַנישע פּראָטעסטראַבינער.**

אויך אין אמעריקא האָט די קאָנפערענץ פון דער יוניאָן אָוו אמעריקאן ראַביים געפונען פאר נויי־ טיג צו נעהמען א פיינדליכע שטעלונג צום ציוניז־ מוס און דעם געפּלאנעוועטען ציון־קאָנגרעס. די רעזאלושאָן, וואס די קאָנ־ פערענץ האָט וועגען דעם אנגענומען, איז געווען מעהר אָפּענהערציג ווי קלוג: „דער קאָנגרעס און דער יודענשטאאט בעצוועקען צו שאפען א היים פאר פערפאלגטע און בעדריקטע אידען. מיר, אידען אין אמעריקא, לעבען אזוי פריי, דאס אויך א אידישער שטאאט קען אונז ניט מעהר פרייהייט געבען, און דערפאר געהט אונז דער יודענשטאאט ניט אָן". דאס איז גע־ ווען אן ערקלערונג פון א קלאסע מענשען, וועלכע נאָרדאו האָט געשטעמ־ פּעלט מיט די פאלגענדע ווערטער: „זיי זיטצען רוהיג אין שיפעל, און ווען איינער, וואס טרינקט זיך קומט צו נאָהענט, שלאָגען זיי איהם מיט דער וויאָסלע איבער'ן קאָפּ".

דאָס זיינען אלץ געווען אָפּענע געגנער. און ווי פיעל זיינען נאָך געווען

בעהאַלטענע שונאים, וואָס האָבען געבורעט און אינטריגירט נעגען קאָנ־גרעס הינטער די קוליסען!

פון דער אנדער זייט ווידער איז געווען צו זעהן, אז דער קאָנגרעס האָט געהאט א מענגע וואָרעמסטע פריינד אונטער אידען ווי אונטער קריס־טען. אונטער די לעצטערע מוז אין ערשטער ליניע דערמאָהנט ווערען פּראָ־פעסאָר העכלער, וועלכער איז דאמאָלס און אויך שפּעטער בייגעשטאַנען הערצל'ען מיט ראטה און טהאט. ער האָט דער זאכע געטהאָן פיעלע טובות. ר' שמואל מאָהילעווער פון ביאַליסטאָק איז מיט זיין גרויסער אוי־טאָריטעט ארויסגעטראטען פאר די ציוניסטישע שטרעבונגען, און דאס זעל־בע האָבען אויך געטהאָן דר. גאַסטער פון לאָנדאָן, דער „חכם" פון די ספרדישע אידען, און צדוק כהן, גראנד־ראבען פון פראנקרייך. ציוניסטישע חברות האָבען געשפּראָצט ווי פון דר'ערד, און איין אידישע צייטונג נאָך דער אנדערער האָט זיך געשטעלט אין דיענסט פון דער בעוועגונג. פון בעגיי־סטערטע צושטימונגען, וואס הערצל האָט ערהאַלטען פון אַלע זייטען, האָ־בען זיך אנגעקליעבען גאנצע בערג. כמעט איבער נאכט איז הערצל געוואָ־רען א פיעל־בעקעמפּפטע און פיעל־בעריהמטע פערזענליכקייט.

הערצל האָט דערוויילע געארבייט כמעט מיט איבערמענשליכע כחות. ער האָט אָרגאַניזירט און אגיטירט, האָט פריינדע געוואונען און האָט מיט וואָרט און שריפט פיינדע בעקעמפּפט. „איך בין אָהן אָטהעם פון דער אַרבייט, „איך בין ערדריקט פון ארבייט און מוז זיך פערלאָזען אויף מיינע מיטאַרבייטער" — האָט ער דאמאָלס געשריעבען אין זיינע בריעף צו באָדענ־היימער און צו נאָרדאו, און דאָס איז ניט געוועזען איבערטריבען. אָבער ער האָט זיינע מיטאַרבייטער אויך געפונען, און אין א ניט קליינער צאָהל. און די בעגייסטערונג פון פאָלק, די איינפאַכע לייטע וואָס מיינען וואָס זיי זאָגען און זאָגען וואָס זיי פיהלען, די האָבען איהם צוגעגעבען מוטה און כחות. צו הערצן גוסטאוו ג. קאָהען אין האמבורג האָט ער דאמאָלס גע־שריעבען: איינצעלנע בריעף וואָס איך קריג פערשאַפען מיר אמת'ען נחת רוח. דאָ ניט לאַנג האָב איך ערהאַלטען א בריעף פון א צוויי־און־זיעבציג־יעהריגען מאַן, ביים נאָמען ברוך, פון באַזעל. דאָס איז א בריעף פול מיט הויכע און געזונדע געדאנקען, בעלויכטען פון רייכען וויסען און פון מילדע לעבענס־קלוגהייט. ער שרייבט מיר, אז ער איז א סוחר, און האָט אין זיין לעבען בשתיקה אימער פערעהרט די וויסענשאַפט אַלס „די ערהאבענע הימ־

לישע געטין". און צווישען אַנדערע זאַכען שרייבט ער מיר, דעם יוריסטען, געוויסע זאַכען איבער דאָס רוימישע רעכט, וואָס האָבען מיך איבערראַשט. אַזעלכע לייטע האָבען מיר, אַזעלכע אונבעקאַנטע".

### דער ערשטער באַזעלער קאָנגרעס.

פּאַר דעם קאָנגרעס אין באַזעל איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ פּאָרקאָנפערענץ, ביי וועלכער הערצל איז געוועזן פּאָרזיצענדער. אין אַלע פּונקטען האָבען אַלע איינגעשטימט אויסער אין דער אויסאַרבייטונג פון פּראָגראַם. דעריבער איז בעשטימט געוואָרען אַ ספּעציעלע קאָמיטע אויסצואַרבייטען דעם פּראָגראַם. דאָס קאָמיטע איז בעשטאַנען פון נאָרדאַו, מינטץ, שאַפּירא, ראָזענבערג, באָדענהיימער, בירנבוים, ס. ר. לאַנדאַו. פון דעם קאָמיטע שטאַמט דאָס באַזעלער פּראָגראַם מיט די קליינע ענדערונגען וואָס הערצל האָט פּאָרגעשלאָגען. הערצל האָט פערלאַנגט, דאָס אָנשטאָט דעם אויסדרוק „שאַפּונג איינער ר ע כ ט ל י ך געזיכערטער היימשטעטע", זאָל שטעהן „ע פ ע נ ט ל י ך ־ ר ע כ ט ל י ך".

הונדערט־זיעבען־און־ניינציג דעלעגירטע פון אַלע לענדער וואו עס לעבען אידען אין גרעסערע צאָהלען, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו דיעזער ערשטער גרויסער פערזאַמלונג זייט דעם חורבן, און די בעגייסטערונג איז געוועזן אָהן אַ גרעניץ. לייטע וואָס זיינען געוועזן אונבעקאַנט איינער צום אַנדערען האָבען זיך מיט טרעהרען אין די אויגען אומאַרעמט, און דער מאַן וואָס האָט דעם קאָנגרעס צוזאַמענגערופען האָט ערהאַלטען שטירמישע און בעגייסטערטע אָוואַציעס. דער קאָנגרעס, וועלכער איז געעפענט געוואָרען פון דר. ליפּפּע פון יאַסי, אַלס דער עלטסטער מאַן ביים קאָנגרעס, איז אָבגעלאָפען — ווי הערצל האָט געשילדערט צום שלוס פון זיין איינלייטונגסרעדע — „ערנסט און הויך, לטובה פאַר די אונגליקליכע, און קיינעם ניט להכעיס, צו דער עהרע פון אַלע אידען, און ווירדיג פאַר אַ פערגאַנגענהייט וואָס איהר הערליכקייט איז אַפילו שוין ווייט, אָבער אונשטערבליך".

דער קאָנגרעס איז געוועזן אַ היסטאָרישער מאָמענט, די נאַציאָנאַלע אידעע האָט אַרויסגעוויעזען איהר קראַפט צו פעראייניגען. די בעוועגונג איז „פון דער אידישער גאַס ארויסגעטראָטען אין די פרייע אָפענע וועלט", מיט הערצל אַלס איהר פיהרער און געטראָגען אין גאַנצען פון זיין גייסט. די הייליגקייט פון יענע טעג וועלען די טהיילנעהמער אין יענעם קאָנגרעס קיינמאָל ניט פערגעסען. אויך מיט די פּראַקטישע חובבי־ציוניסטישע געג־

נער פון הערצל איז עס געקומען צו א פשרה. א קאמיטע זאל אויסגלייכען אלע וויעדערשפרעכונגען צווישען זיי און דעם באזעלער פראגראם, און זאל זיך דאן זעצען אין פערבינדונג מיט די חובבי ציון חברות. צו דעם קאמיטע האבען געהערט שנירער, מינטץ, קאמינקא, רובענשטיין און באמבוס. דער לעצטערער האט פון דעסטוועגען ניט אויפגעגעבען זיין געגנערשאפט צו הערצל, און האט אפילו אגיטירט פיר די גרינדונג פון א קאלאניאל באנק דורך די חובבי־ציון חברות.

די ווירקונג, וואס דער קאנגרעס האט געהאט אויף די אידישע וועלט, איז געווען גוואלטיג, און די דיסקוסיאן וועגען ציוניזמוס איז געווען כמעט דאס איינציגע טהעמא אין אייראפעאישען יודענטהום וואכענלאנג נאכ'ן קאנגרעס.

**הערצל און די רוסישע אידען**

די בעוועגונג איז געוואקסען פון טאג. כמעט אלע אידישע צייטונגען, אפילו די אסימילאטארישע, האבען ניט געקענט צוריקהאלטען זייער רעספעקט פאר דעם ערנסט, מיט וועלכען דער קאנגרעס איז געפיהרט געווארען, און פאר דעם הויכען שוואונג וועלכען ער האט גענומען. אבער ניט נאר פאר אלע אידען פון דער וועלט, אויך פאר הערצל אליין איז דער קאנגרעס געוועזען אן איבער־ראשונג. ער האט דארט ענטדעקט די רוסישע אידען. אין זיין ארטיקעל אין דער „וועלט", וואס איז געדרוקט געווען דעם 8טען אקטאבער, און שפע־טער אין דער „קאנטעמפארארי רעוויו", רעדט ער מיט פיעל ווארימקייט פון זייער בעגאבונג, פון זייער הארציגקייט און קולטורעלע גאנצקייט. נאך פאר דעם קאנגרעס איז ער געשטאנען מיט אייניגע אידען פון רוסלאנד אין בריפליכען פערקעהר, און ער איז געווארען צוגעבאקען צו זיי. און איצטער זיינען איהם אנטקעגענגעקומען פערזענליך מאנדעלשטאם, יאסינאווסקי, י. ל. גאלדבערג, אוסישקין. צום ערשטען מאל געפינט ער אידען מיט בע־שטימטע אייגענע פערזענליכקייטען, און ער פאנגט אן צו זוכען דעם אידען אין זיך אליין. אין זיין „יודענשטאאט" האט ער נאך די אסימילאציאן געהאלטען פאר א זאך וואס איז ניט שעדליך, אבער שפעטער האט ער זיין אנזיכט געענדערט. נאר אימער איז די אסימילאציאן געוועזען פאר איהם ניט מעהר ווי א פערזוך צו פערלייקענען די קרובה'שאפט פון בלוט, די אבשטאמונג, דאס געפיהל פון צוזאמענגעהעריגקייט און פון שטאלץ אויף

אונזערע גרויסע טראַדיציאָנען. דען נאָך זיין בילדונג און געפיהל איז ער געווען אַ וועסט־אייראָפּעער.

מיט דער פראגע פון אַ אידישער קולטור האָט ער זיך ניט געוואָלט בע־שעפטיגען, דען מעהר פון אַלץ איז ער געווען אַ מענש פון טהאַטען, און איז געווען צו פיעל ערפילט פון זיין אויפגאַבע וואָס איז געוואָרען זיין ציעל אין לעבען. צו דער קולטור־פראגע האָט איהם געפעהלט די צייט און די נייגונג צו חקירה.

**די ווירקונג פון קאָנגרעס.**

אויך אין דער קריסטליכער וועלט האָט דער קאָנגרעס ארויסגערופען איבערראַשונג. בעזאָנדערס האָט זיך די ענגלישע פרעסע אַ נעהם געטהאָן צו דער דיסקוסיאָן פון דעם פּראָבלעם, ווי מען איז אין דעם פרייען ענגלאַנד געוועהנט צו טהאָן. וועהרענד די וויענער „נייע פרייע פרעסע“, וואָס געהערט צו אידען, האָט זיך בעמיהט דעם קאָנגרעס טויט צו שווייגען, איז אין ענגלאַנד ארויסגע־קומען די קאָנסערוואַטיווע „פּאַל־מאַל גאַזעט“, די ראַדיקאַלע „דיילי כראָניקל“ און שפּעטער אַרנאָלד ווהייט אין דער „קאָנטעמפּאָראַרי ריוויו“ מיט דעם געדאַנק, אַז אייראָפּאַ דאַרף צוזאַמענרופען אַ קאָנפערענץ אוים צו לייזען די שווערע יודענפראַגע. אָבער ווי ערפרייליך דער אָפּקלאַנג פון דעם ציוניסטישען קאָנגרעס איז אויסגעפאַלען אין ענגלאַנד, אַזוי טרויעריג איז ער אויסגעפאַלען אין אַנדערע ערטער. עס זיינען געמאַכט געוואָרען שטאַרקע פערזוכע צו בעוועגען געוויסע רעגירונגען אַז זיי זאָלען פּראָטעסטירען צו דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער רעגיערונג געגען די אידישע פאָדערונגען. אַזעלכע פאַקטען האָבען בעוויזען, דאָס מען האָט אָנגעפאַנגען פערשטעהן די בע־דייטונג און די קראַפט פון דער בעוועגונג, און נאָך מעהר די קראַפט פון איהר נייעם פיהרער. אָבער וועהרען זיך געגען אַזעלכע אנגריפע איז נויטיג געווען. די „וועלט“ און די „קאָרעספּאָנדאַנס דע ל׳עסט“, וועלכע מיכאַעל פאָן נעוולינסקי האָט רעדאַקטירט, האָבען הערצלען פיעל געהאָלפען אין דער זאַך. און דערביי האָט הערצל אויך אָנגעפאַנגען צו לייגען גרויסע האָפנונגען אויף די פערזאָן פון דייטשען קייזער, וועלכער האָט זיך דאַן געקליבען צו זיין רייזע נאָך פּאַלעסטינא. הערצל האָט געהאָפט אַז דער קייזער וועט זאָגען אַ גוט וואָרט צום סולטאַן. וואו אָבער האָט ער געקענט געפינען די מיטעל דורכצופיהרען זיינע גרויסע פּלענער? די ערפאַהרונג האָט הערצל׳ען

געלערנט, דאָס אויף אידישע גרויסע פינאַנסיערען קען ער אין אידישע ענינים ניט בויען. אידישע אינטערעסען זיינען דאָך אין דער מיינונג פון אידישע געלדמאַגנאַטען קיינמאָל ניט געשעפּט, נאָר וואָהלטהעטיגקייט. און הערצל'ען איז אויך באַלד בעשערט געווען צו ערפאַהרען דאָס אידישע געלדמאַגנאַטען ענדערן ניט זייער מיינונג וועגען אידישע אַנגעלעגענהייטען, ווען אפילו קיסרים דריקען אויס געוויסע אַנזיכטען און ווינשע. דעריבער האָט מען געמוזט אָנפאַנגען מיט זאַמלען געלד־אונטערשריפטען ביים פאָלק, ביי דער מאַסע. די ארבייט איז איינגעלייטעט געוואָרען דורך אַן ארטיקעל אין די „וועלט“, געשריבען פון הערצל אַליין.

**הכנות צו דער באַנק.**

פיר די באַנק איז געפאָדערט געוואָרען אַ קאַפּיטאַל פון צוויי מיליאָן פונט שטערלינג (צעהן מיליאָן דאָלאַר); דער צוועק פון דער באַנק זאָל זיין צו עפענען אַ קרעדיט און אַנדערע הילפע פיר אידען, וואָס ווילען אויסוואַנדערען; ערד־ארבייטער־קרעדיט פיר די קאָלאָניסטען אין פּאַלעסטינא, די אָרגאַניזאַציע פון אגריקולטורעלע און אינדוסטריעלע גענאָסענשאַפטען. די באַנק זאָל זיין דער „אונפּערזענליכער באַנקיער“ פון דער בעוועגונג, און זאָל צושטעלען אַנלייהען צו דעם לאַנד, מיט וועלכען מען וועט קומען צו אַן אבמאַך (ד. ה. טידקיי). הערצל בעשליסט צו געהן נאָך בערלין אם 6טען יאַנואַר, 1898, צו אַ פערטרויליכער קאָנפערענץ פון געלדמענשען. די קאָנפערענץ איז פאַרבערייטעט געוואָרען פון פּראָפעסאָר שטיין. ער לאָזט איבער אנדערע אין לאָנדאָן צו ארבייטען פאַר דעם צוועק, און אליין זוכט ער פערבינדונגען אין פּאַריז. ער האָט נאָך אימער געהאָפט אויף אַ ביסעל געלד פון באַראָן הירש געלדער, און אַזוי ווי דער באַראָן איז שוין געוועזן טויט, האָט ער עס ערוואַרטעט פון דער אַלמנה, אבער דאָס איז ניט מקוים געוואָרען.

דערווייַלע זיינען אונטערגעקומען אנדערע פּאָליטישע ארבייטען, און אויך די פאַרבערייטונג פיר די זאַמלונג פון ערשטען שקל, וואָס איז ביי דעם ערשטען קאָנגרעס בעשלאָסען געוואָרען, און אַלערליי ארבייטען וואָס געהערען צו ארגאַניזאַציאָן, און פיר די צוציהונג פון איינפלוסרייכע מענער, און די געווינונג פון דער פּרעסע, קורץ, הערצל איז די נשמה און דער מיטעלפּונקט פון פיעבערהאַפטער טהעטיגקייט. דערביי געפינט ער נאָך צייט פיר פּאָליטיש־שריפטשטעלערישע ארבייט פיר די ציוניסטישע אַזוי אויך פיר

די אלגעמיינע פרעסע, און דערביי מוז ער נאך בעזארגען זיינע אייגענע ארבייטען ביי דער „נייער פרייער פרעסע“. און ענדליך, אינמיטען די פארבערייטונגען צו דער פייערונג פון חנוכה, איז ערשיענען יענע וואונדערליך־פיינע, ווארם־הארציגע וידוי פון א מאן, וואס איז אין גאנצען אויפגעצעהרט דורך די יסורים פון זיין פאלק ביז „זיין נשמה איז ביסלעכווייז געווארען איין־איינציגע בלוטענדע וואונד.“

און איהם אליין האט עס דערהויבען צו דער מדרגה פון א גרויסען דיכטער.

### „די מנורה“, רעדען אין בערלין.

דאס איז געווען יענע בעקענטנים פון ליעבע צום יודענטום, צו דער שעהנקייט פון זיינע יום־טובים, צום גלויבען אין די גרויסע צוקונפט פון דער נאציאן, וואס מוז פיר אימער בלייבען ערהאלטען. דאס איז געווען דאס קליינע ביכעל „די מנורה“.

אם צעהנטען יאנואר, און דאן ווידער נאך אמאהל אם 8טען פעברואר 1898, האט הערצל גערעדט אין בערלין. פון דער צייט אן, קען מען זאגען, פאנגט אן דאס שטענדיגע איינדרינגען פון ציוניזמוס אין די אידישע קרייזען פון דייטשלאנד. הערצל׳ס ווערטער זיינען אומעטום געווארען דער געגענשטאנד פון אונטערהאלטונג. נאך א גרויסער ערפאלג איז געווען, דאס אנשליסען זיך אן די ארגאניזאציאן פון די לאנדאנער חובבי ציון, וואס האבען ביז דאמאלס געקוויינקעלט. דאס איז פארגעקומען ביי זייער קאנפערענץ אין קלערקענוועל טאון האל. בעזאנדערס איז בעמערקענסווערטה געווען די רעדע פון דעם קאלאנעל גאלדסמיטה, וואס האט דאמאלס געדיענט אין דער ענגלישער ארמעע. ער האט זיך מיט בעגייסטערונג און בעשטימטהייט אויסגעדריקט פיר הערצל׳ס אידעע פון א אידישען שטאאט. די רעזאלוציאן, וועלכע איז דאן פארגעלייגט געווארען פאר דער קאנפערענץ, פערפאסט פון דר. הירש און דזשייקאב דע האאז, האט געלויטעט: „עס איז די מיינונג פון דער קאנפערענץ אז די נאציאנאלע אידעע בילדעט די נשמה פון דער ציוניסטישער בעוועגונג, און דאס עס איז די פליכט פון אלע אידען זיך צו פעראייניגען צום צוועק פון ווידער בעזעצען דאס אידישע פאלק אין פאלעסטינא.“

דערווייל האבען אנגעפאנגען די פארבערייטונגען פון זאמלען סוב־

סקרייבערס (אונטערצייכנער) פיר די שערס (אקציען) פון באנק. א באנק־קאמיטע, וואס איז בעשטאנען פון דוד וואלפסאהן, באדענהיימער און שאוער איז אוועקגעזעצט געווארען אין קעלן, און די ארבייט האט אנגעפאנגען.

די אויפגאבע פון דעם קאמיטעט איז געוועזען צו זאמלען צייכנונגען נאר אלס פראבע, אום צו זעהן ביז צום צווייטען קאנגרעס, וואס האט געזאלט צוזאמענקומען אין באזעל ענדע אויגוסט, אויב עס זיינען דא פיר דער אונטערנעהמונג אויסזיכטען אויף ערפאלג. און אזוי זיינען די אידען פון דער גאנצער וועלט אויפגעפאדערט געווארען צו צייכנען. עס וואלט אפשר בעסער געוועזען ווען מען וואלט מיט דער צייכנונג צו דער באנק געווארט נאך א פאר יאהר. דאן וואלט די יונגע ארגאניזאציאן געוועזען קרעפטיגער, און מען וואלט פיעלייכט געקענט געווינען גרויסע פינאנסירען פיר די באנק. אבער הערצל האט געגלויבט נאך די ערפאלגען פון די ערשטע צוויי יאהר אויך דא צו געהן מיט שטורם און איז געוועזען איבערצייגט דאס עס וועט זיך איינגעבען. די גרויסע פינאנסיערען האבען געמאכט צופיעל שהיות, האט ער בעשלאסען זיך צו ווענדען צום פאלק. אזוי זיכער איז ער געוועזען פון דעם ערפאלג, דאס ער אליין האט געצייכנעט צוויי טויזענד שערס! און ווי אימער האט ער היננעריסען דאס פאלק מיט דעם כח פון זיין איינפלוס.

## די פראבע צייכנונג פיר די באנק.

די צייכנונג איז געקומען מיט אזא גוואלט, ווי דאס האט נאך ניט פאסירט ביי דער גרינדונג פון א באנק. צעהנדליגע טויזענדע קליינע צייכנער (סובסקרייבער) האבען זיך געשטופט צו מאכען די ערשטע אנצאהלונג און צו צייכנען אויף א שער. אבער די גרויסע סומען זיינען געווען ווענינ אין צאהל. אייניגע מיטעלערע פינאנצלייטע האבען ארויסגעוויעזען אינטערעסע, אבער מיט דעם געלד האבען זיי זיך ניט געאיילט. יעדענפאלס אבער איז דאס געווען א גאנץ שעהנער אנפאנג ביז צום צווייטען קאנגרעס, און עס איז שוין געווען א יסוד פיר ווייטערע ארבייט. און די ארבייט אלס אגיטאציאנס־מיטעל איז געווען ניט אפצושאצען.

אזוי איז אנגעקומען דער צווייטער באזעלער קאנגרעס.

צוויי אויפגאבען האט ער געהאט דורכצופיהרען: צו רעגולירען די באנק־פראגע און צו בעשטימען גענוי די גרעניץ־ליניע צווישען די ארגאניזאציאן פון דער בעוועגונג, און די קאלאניזאציאן פון פאלעסטינא. בעזאנדערס אין דער פראגע פון ארגאניזאציאן זיינען פארגעקומען מיינונגס־

**צווייטער באַזעלער קאָנגרעס.**

פערשיעדענהייטען צווישען די אָנהענגער פון קליין־קאָלאָניזאציאָן און הערצל. דאָס האָט אפילו געפיהרט צו אַ שפּאַלטונג ביי די ענגלישע ציוניסטען, און צו מאַכען אַ פּשרה איז געווען נויטיג. פון דער גוואַלטיגער אָנשטרענ־גונג און איבעראַרבייטונג האָט הערצל אָנגעפאַנגען צו ליידען אָפט פון הארצשוואַכקייט. ער האָט געוואָלט איבערטראָגען די הנהגה פון דער בע־וועגונג פיר איין יאָהר נאָך פּאַריז, מיט נאָרדאָו אָן דער שפּיצע, אָבער צוליעב פּאָליטישע טעמים איז דער פּלאַן דורכגעפאַלען.

אויב דער ערשטער קאָנגרעס איז געווען אַ יום־טוב פון ווידערזעהן־זיך נאָך אַ לאַנגען גלות, פון ווידער־פעראייניגען זיך אין גייסט, איז דעם צווייטען קאָנגרעס בעשערט געווען צו ווערען אַ צוזאַמענפאָהר פון פער־טרעטער פון אידישען פאָלק, אַוועקצולעגען דעם פונדאַמענט פיר די אָרגאַ־ניזאַציאָן. עס האָט געהערשט אַן אמת'ע יום־טוב־שטימונג ביי דער פער־זאמלונג, און מען האָט ווירקליך איינער דעם אַנדערן צוגעוואונשען: „גוט־יום־טוב!" די פייערליכע שטימונג האָט זיך אפילו מיטגעטיילט צו די קריסטען. ווען די גרויסע פּאַראַדנע פּראָצעסיע פון שווייצער איז צוריק־געקעהרט פון סט. יאַקאָב (וואו די שווייצער האָבען אַם 26טען אויגוסט 1444 געזיעגט איבער זייערע שונאים), און זיינען פאַרביימאַרשירט די קאַזינאָ, וואו דער קאָנגרעס איז געהאַלטען געוואָרען, האָבען די לייטע פון דער פּראָצעסיאָן ארויפגעבליקט אויפ'ן באַלקאָן, איבער'ן אריינגאַנג, וואו דר. הערצל איז געשטאַנען מיט איינינע דעלעגאַטען, צוזעהענדיג דעם פּאַראַד. די מאַיעסטעטישע ערשיינונג פון דר. הערצל האָט ווי עס שיינט געמאַכט אַ רושם אויף די מאַסע אונטען, און ווען איינינע דעלעגאַטען האָבען פון אויבען ארונטערגעשריען „האָך די שווייץ!", האָבען די פאָהנען־טרעגער אונטען פערנייגט זייערע פאָהנען פאַר די ווייס־בלויע ציוניסטישע פאָהנען וואָס האָבען ארונטערגעהאַנגען פון באַלקאָן, און אַ דונערנדער אויסגעשריי „האָך די יודען!" האָט זיך געלאָזט הערען פון דער מאַסע אונטען.

די בעגייסטערונג און דער יובעל מיט וועלכע דר. הערצל איז עמפּ־פאַנגען געוואָרען ביי דער עפענונג פון קאָנגרעס לאָזט זיך קוים שילדערן. זעלטען ווען אַ געקרוינטער הערשער קריעגט אַזאַ אויפריכטיגען, אמת־י הארציגען קבלת־פּנים. און די וואָס האָבען געהאַט דאָס גליק דערביי צו

זיין וועלען קיינמאָל ניט פערגעסען די הכנעה'דיגע, און דאָך שטאָלצע האַל־טונג פון דעם גרויסען פיהרער.

אַזעלכע טעג האָבען איהם פיעלייכט עטוואָס פערגיטיגט פאַר די אונ־דאַנקבארקייט, די פערלוימדונג, די ענטטוישונג און די מיה וואָס ער האָט דערטראָגען. וואָס האָט דאָס לעבען שעהנערעס צו געבען אַלס אַזעלכע בעציייגונגען פון דאַנק און פון ליעבע?

זיין ערעפנונגס־רעדע ביים קאָנגרעס איז אַלע ווייִלע פון דאָס ניי אונ־טערבראָכען געוואָרען פון יובעל און בעגייסטערטע אויסרופונגען, הגם הערצל האָט אין זיין רעדען קיין אַנשפּרוך געמאַכט אויף מליצה. „מיר ווינשען נאָר אַן אינטערנאַציאָנאַלע דיסקוסיאָן — האָט ער געזאָגט — ניט אַן אינטערנאַציאָנאַלען פעראיין. און דאָס מוז נאָך אַמאָל געזאָגט ווערען לזכרון דברים פיר אימער: ביי אונז קען זיך דאָ ניט האַנדלען פון געהיימע חברותא, פון שתדלנות, פון הינטערוועגען, זאָנדערן נור פון אַן אָפענע בעשפּרעכונג פון אונזער איצטער און אונזער צוקונפט, אונטער דער שטענ־דיגער קאָנטראָלע פון דער עפענטליכער מיינונג."

נאָך דעם פאָלקסבעוואוסטזיין וועקט הערצל דאַן דעם פאָלקסווילען. ער פאָדערט, אַז אין די אידישע געמיינדען זאָל מען אויפהערען צו אַגיטירען געגען ציון. ער שטעלט אַוועק אַלס איינע פון די אויפגאַבען די עראָבערונג פון די געמיינדען. דאַן בעשפּרעכט ער די אויסזיכטען פון דער פּאָליטישער אַרבייט און די שאַפונג פון דעם פינאַנציעלען אָרגאַן — די קאָלאָניאַל־באַנק — וועלכע דאַרף באַלד קומען אין דער וועלט, און דריקט זיך אויס שאַרף געגען די „אינפילטראַציאָן", ד. ה. דאָס אַריינשמוגלען בשתיקה קאָלאָ־ניסטען אין פּאַלעסטינאַ, דורך די „פּראַקטישע" ציוניסטען. אַזוי האָט ער געגעבען אַן אָנצוהערענים פון דער דעבאַטע וועגען קאָלאָניזאַציאָן וואָס האָט זיך באַלד נאָך דעם ענטוויקעלט.

די דעבאַטע האָט זיך דערנאָך אָנגעפאַנגען מיט אַ פּאָרטראַג פון לעאָ מאָצקין געגען די קאָלאָניזאַציאָן און איהרע ביזהעריגע מעטאָדען. ער האָט מבטל געמאַכט די קאָלאָניען און האָט בעהויפּטעט, דאָס אַזוי לאַנג ווי פּאַלעסטינאַ ווערט ניט געעפענט פאַר די אידען ווייט און ברייט, מיט די נויטיגע גאַראַנטיען, איז ניט כדאי צו בויען קאָלאָניען דאָרטען.

פינעלעס, באַמבוס און אַנדערע זיינען שאַרף אויפגעטרעטען געגען מאָצקין.

נאָך אַ לאַנגע און הייסע דעבאַטע גיט דער קאָנגרעס אַ פּירוש אויף די ווערטער „צוועקדיענליכע בעזיעדלונג פּאַלעסטינאַ׳ס“, וואָס געפינען זיך אין באַזעלער פּראָגראַם, און זאָגט, אַז דאָס מיינט: „די קאָלאָניזאַציע וואָס וועט געפיהרט ווערען מיט דער ערלויבניס פון דער טירקישער רעגיערונג, און אונטער דער השגחה פון אַ קאָמיטע וואָס דער קאָנגרעס וועט שאַפען“.

דאָס איז געווען אַ מין פּשרה צווישען הערצל׳ס אַנזיכטען, און די אַנזיכטען פון די פּראַקטישע ציוניסטען. אין אמת׳ן אָבער איז דאָס געווען אַן ערפאָלג פון הערצל׳ס אַנזיכט, ווייל ווען די ארבייט פון קאָלאָניזירען דאַרף אָפּהענגען פון אַ קאָמיסיע וואָס דער קאָנגרעס מאַכט, איז דאָך יעדע פּראַקטישע אַרבייט פון קאָלאָניזירען דורך דעם קאָנגרעס ממילא אונמעגליך געוואָרען.

דער קאָנגרעס וועהלט דאַן דאָס באַנק־קאָמיטע צו דער גרינדונג פון דער באַנק, מיט וואָלפסאָהן און קאַנן אָן דער שפּיצע. דער קאָנגרעס דריקט דאַן אויס זיין פערטרויען צום אַקציאָנס־קאָמיטע, און הערצל ווערט איינ־שטימיג געוועהלט צום פּאָרזיצענדען פון אַקציאָנס־קאָמיטע.

מיט דעם פערטרויענס־וואָטום (וואָוט אָוו קאָנפידענס) אין דער טאַשע, אַלס אונבעשרענקטער פיהרער פון דער גוואַלטיג אויסגעוואַקסענער בעווע־גונג, פאַנגט הערצל אָן זיין גרויסע אונטערנעהמונג, צו געווינען דעם דייטשען קייזער פיר די זאַכע פון ציון.

**הערצל און קייזער ווילהעלם II.**

אין אָקטאָבער 1898 האָט קייזער ווילהעלם אָנגעטרעטען זיין רייזע נאָך פּאַלעסטינאַ, און אויפ׳ן וועג האָט ער פריהער געזאָלט בעזוכען דעם סולטאַן אבדול האַמיד אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אין דעם בעזוך פון דעם מעכטיגסטען פירסט פון דער קריסטליכער וועלט ביי דעם הערשער פון די גלויביגע איז זעלבסטפער־שטענדליך געלעגען אַ גרויסע שטיצע פיר די טיר־קישע הערשאַפט, אַ בעוויז פון פריינדשאַפט פיר די מאַהמעדאַנישע וועלט, ווי דאָס איז צייט יאָהרהונדערטע ניט געשעהן, און פאַר דער ניי־אַרויסגע־וואַקסענער פריינדשאַפט צווישען דייטשען און טערקען האָט זיך געמוזט ענטוויקלען אַ שטאַרקער איינפלוס פון קייזער אויף דעם סולטאַן. הערצל׳ען האָט זיך שוין פריהער איינגעגעבען צו געווינען קייזער ווילהעלם פיר די זאַך. ער האָט אָבער געוואָלט קריעגען אַן עפענטליכע בעשטעטיגונג פון דעם קייזער׳ס אינטערעסע, דערמיט וואָס דער קייזער זאָל איהם עמפּפאַנגען

אויף דעם אַלטען באָדען פון דעם היסטאָרישען אידישען לאַנד, און אויסהערען זיין בקשה.

ווען די ערשטע נויטיגע הכנות דערצו זיינען געמאכט געוואָרען איז הערצל אוועק נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אין בעגלייטונג פון שנירער, וואָלפ־סאָהן, באָדענהיימער און אינזשינער זיידנער. דאָרטען איז הערצל עמפּ־פאַנגען געוואָרען אין סולטאַנ'ס פּאַלאַץ, אין יילדיז קיאָסק, וואו עס איז געהאַלטען געוואָרען אַ לענגערע אונטעררעדונג אין דער געגענווארט פון רייכסקאַנצלער בילאָוו. דאָס איז געשעהן אם 18טען אָקטאָבער. דעם נעכסטען טאָג איז די דעלעגאַציאָן אָבגערייזט איבער עגיפּטען נאָך פּאַלעס־טינא, און האָט אין מקוה ישראל אָבגעווארט דעם קייזערליכען צוג, וועלכער איז איבער מקוה ישראל געגאַנגען נאָך ירושלים.

ווען דער קייזער האָט, רייטענדיג אויף זיין פערד, דערזעהן פון וויטען דעם שעהנעם קאָפּ פון דעם ציוניסטישען פיהרער, ארויסשטעקענדיג פון דער מאַסע מענשען וואָס זיינען געשטאַנען אין רייהען פון ביידע זייטען גאַס, האָט ער געגעבען אַ צייכען אָבצוהאַלטען דעם צוג, איז צוגעריטען צו הערצל, האָט איהם גערייכט די האַנד און האָט מיט אַ קלאָרער לויטער שטימע איהם בעגריסט מיט פריינדליכע ווערטער. דאַן האָט ער זיך מיט איהם אייניגע מינוטען אונטערהאַלטען וועגען זיינע איינדריקע פון לאַנד און האָט פריינדליך פון איהם אַבשייד גענומען.

**ביין קייזער עמפפאַנג**

הערצל מיט זיין דעלעגאַציאָן זיינען דאַן געגאַנגען נאָך ירושלים און איז דאָרטען אַם צווייטען נאָוועמבער אויפגענומען געוואָרען אין פאָרמאַלנער אוידיענץ. לייטע וואָס האָבען געזוכט די בעדייטונג פון דער אוידיענץ צו פערקלענערען האָבען שפּעטער געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ דורכפאַל, ווייל פון דער אוידיענץ איז גאָר ניט ארויס־געקומען. אַז עס וועט קומען די צייט ווען עס וועט פּאַסיג זיין בעקאַנט צו מאַכען אַלע פאַקטען אָהן צוריקהאַלטונג — אַ זאַך וואָס איז נאָך דערווייל ניט מעגליך — וועט מען דאַמאָלס זעהן ווי ווייט די דאָזיגע חוזק־מאַכער זיינען געווען אין טעות. שוין דער פאַקט אַליין וואָס דער דייטשער קייזער איז מרוצה געווען צו עמפּפאַנגען הערצל אין יענעם לאַנד און אונטער יענע אומשטענדען, איז גענוג צוצוגעבען גרויסע בעדייטונג צו דער פּאַסירונג. און ווען הערצל האָט זיך געקענט ערלויבען אָנצורייזען דעם קייזער מיט די ווערטער: „פיר אַזוי גוט האַלטען מיר

אונזער זאכע, און אויף אַזוי ווייט ווערטה די סימפּאַטיע פון גרויסמוטיגע מענער, דאס מיר בעטען דערצו די הילפע פון אייער מאַיעסטעט". אַזוי רעדט מען ניט צו די הערשער פון אונזער ערד אויב מען וויים ניט אין פאָראוים אז מען מעג אזוי ריידען, און דאָס זיי זיינען גענייגט צו העלפען. דער קייזער האָט געגעבען א גרינדליכע און פריינדליכע אַנטוואָרט.

באַלד נאָך דעם עמפּפאַנג איז די דעלעגאַציע אָבגערייזט. אין אַן ארטיקעל וואָס איז באַלד דערנאָך ערשיענען אין די „וועלט" האָט הערצל געגעבען א תשובה צו די חוזק־מאַכער. „עס איז געלונגען צו דערוועקען פיר אונזער גערעכטע זאכע דאָס אינטערעסע פון צוויי הערשער — האָט ער געזאָגט. — און זאָל קיינער ניט זאָגען אָדער גלויבען אז די גרויסע הערען האָבען אונפריינדליכע הינטערגעדאַנקען. די געוואוינהייט פון מאַנכע אידען חוזק צו מאַכען פון זיך אַליין — א געוואוינהייט וואָס מאַכט אונז אָפּט צו שאַנדע — וועט פיעלייכט געפינען אַן אייגענע ערקלערונג אויך פיר דיזע סימפּאַטיע און זאָגען: זיי ווילען פון אונז פּטור ווערען. אין אמת'ן אָבער האָבען זיי נאָר די איינציגע ערהאַבענע אבזיכט צו פערברייטען קולטור, צו פערשאַפען א היים פיר אונגליקליכע ארומבלאָנדזשענדיגע מענשען־מאַסען, צו בריינגען א בעסערען מצב אין א פערלאָזען לאַנד, און דערמיט צו פערמעהרען די סומע פון מענשליכען גליק און פון מענשליכע מידות. דאָס בעדייטעט זייער סימפּאַטיע, און אַזוי האָבען מיר זי מיט דאַנקבאַרקייט פערשטאַנען."

די נעקסטע נומער פון דער „וועלט" האָט ענטהאַלטען נאָך א דאַנקזאַגונג. דאָס איז געווען געריכטעט צו דעם אַלטען גרויסהערצאָג פריעדריך פון באַדען, וועמען די בעוועגונג איז שוין פיעל שולדיג געווען, און וועמעס ענערגישעס און וואַרמהאַרציגעס אָננעהמען זיך פאַר אונזער פאָלק וועט פיר אַלע צייטען בלייבען אין דעם אידישען זכרון.

**גרויסהערצאָג פריעדריך פון באַדען.**

א קורצע צייט פאַר זיין אָברייזען נאָך פּאַלעסטינא, אום צו זעהן זיך מיט'ן קייזער איז הערצל געווען אין לאָנדאָן און האָט דאָרטען אַם 3טען אָקטאָבער געהאַלטען א רעדע פאַר א פערזאַמלונג פון מעהר אַלס זיעבען טויזענד פערזאָן. דאָרט האָט זיך ביי איהם ארויסגעכאַפּט א וואָרט, אויף

**הערצל׳ס מיטינג אין לאָנדאָן.**

וועלכעס ער האָט דערנאָך אָפּט חרטה געהאַט, און וועלכעס האָט איהם פערשאַפט פיעל צער. דאָס איז געווען פיעלייכט די גרעסטע אונפאָרזיכטיגקייט פון זיין לעבען. ער האָט געזאָגט דאָס ער ערוואַרטעט אַז זיינע האָפנונגען זאָלען גאָר אין קורצען פערווירקליכט ווערען. די ווערטער האָבען ארויסגערופען אַ געוואַלטיגע בעגייסטערונג ניט נאָר אין לאָנדאָן, זאָנדערן אויך אין אַלע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער. עס האָבען זיך שוין געפונען נאַרישע מענשען וואָס האָבען זיך גענומען גרייטען צו דער אויסוואַנדערונג. הערצל׳ס געגנער האָבען איהם פאָרגעוואָרפען, אַז ער זוכט צו פערפיהרען די מאַסען. אָבער הערצל האָט עס געמיינט עהרליך, און האָט קיין אבזיכט געהאַט צו שפּיעלען מיט די מאַסען. ער אַליין האָט נאָכהער געזאָגט: „מען איז אויף מיך ארויפגעפאַלען ווי אויף אַ שאַרלאַטאַן. אָבער ערשט שפּעטער ווען די בעווייזע וועלען קענען פערעפענטליכט ווערען וועט מען קענען אורטיילען, אויב איך האָב דאַמאָלס רעכט געהאַט אָדער ניט. דאַן וועט מען זעהן, ווי ריכטיג איך האָב געשפּראָכען, און וואָס פאַר אַ הינדערנים עס איז שפּעטער געקומען אין וועג.“

אָבער די לעקציאָן איז געווען פאַר איהם אַ צו האַרטע, און שפּעטער, ווען ער האָט געהאַט ערפאָלגען, האָט ער פיעלעס פערשוויגען, הגם דאָס פערשווייגען איז געווען אויפ׳ן רעכענונג פון זיין פּאָפּולאַריטעט.

ווי אַזוי האָט זיך עס הערצל׳ען איינגעגעבען צו געווינען דעם פערטרויען פון די רעגיערענדע קרייזען, וואָס האָט איהם געגעבען די מעגליכקייטען צו אַזעלכע אויפטהואונגען? צוערשט איז נויטיג צו פערשטעהן, דאָס

**הערצל׳ס דיפּלאָמאַטיע.**

הערצל איז ניט געגאַנגען צו די גרויסע מיט הכנעה׳דיגע בקשות. ער האָט זעהר גוט געוואוסט, אַז די מענער אויף וועלכע ער לעגט האָפנונגען האָבען פּונקט אַזוי ווייניג רעספּעקט פאַר אַ פּאָליטישען שנאָרער ווי פאַר אַ געלד־שנאָרער. ער האָט געוואוסט, דאָס אויב אַ איד קען געווינען זייער סימפּאַטיע, מוז ער קומען צו זיי מיט אַ שטאָלצען הויך־געהאַלטענעם קאָפּ, אַלס דער אוראייניקעל פון גרויסע מיוחסים, און אַלס טרעגער פון אוראַלטע טראַדיציעס: שטאָלץ און בעשיידען. ער אַליין איז געווען אַ זעהר צוריקגעהאַלטענער מענש. געוויס האָט ער געזוכט זיינע שתדלנים, וואָס זאָלען איהם ברענגען אין פערקעהר מיט די פּערזאָנען וועלכע קענען ניצליך זיין צו דער זאַכע און וועמעס הילפע

איהם האָט אויסגעוויעזען נויטיג. אָבער ער האָט אימער אזוי בעוויעזען איינצואָרדנען, דאָס מען האָט איהם איינגעלאָדען. ער איז אין דער הינזיכט געווען זעהר עמפּפינדליך אָפּילו געגען דעם קלענסטען טאַקטישען פעהלטריט. ער האָט געפיהלט אז ער מוז היטען דעם כבוד פון דער נאַציאָן וואָס האָט אזוי לאַנג געליטען אום־כבוד. אזוי שרייבט ער אין א בריעף צו א ־ייטשען ציוניסט אַם 17טען אַפּריל 1903: „איך האָב אָפּט געגוג געוואָרנט ניט צו זוכען פערבינדונגען אויף א צו שרייעדיגען אופן מיט דיעזע האָף־קרייזען און רעגיערונגס־קרייזען. דאָס מאַכט קיין גוטען איינדרוק, און טהוט אונזער זאַכע געוויס שאַדען. די גרעסטע צוריקהאַלטונג אַנטקעגען יענע קרייזען איז די ריכטיגסטע בענעהמונג; נור דאַן ווערען מיר ריכטיג בעאורטיילט."

אין צוגאָב צו דער טאַקטיק איז עס געוועזען זיין וואונדערבאַר פאָר־נעהמע און האַרמאָנישע פערזענליכקייט, דער ריטערליכער חן פון זיין וועזען, און זיין אויסעראָרדענטליכער טאַקט־געפיהל וואָס האָט איהם געוואונען פריינדע. זיין פאָרנעהמע ערשיינונג, און די הויכע קולטור וואָס איז געווען אויסגעגאָסען איבער זיין גאַנצע געשטאַלט, די וואַרמקייט פון זיין שטימע און זיין אַרט אַרויסצוזאָגען זיין אורטייל אזוי שאַרף, און קורץ, און פיין — דאָס אַלעס האָט בעצויבערט און האָט געפאַנגען יעדען איינעם מיט וועמען ער איז געקומען אין בעריהרונג. און דאַן האָט ער בעזעסען די פעהיגקייט אַריינצובליקען אין די וועלטאַנשויאונגען פון יענע מיט וועמען ער האָט אונטערהאַנדעלט. איז ער געשטאַנען פאַר א פּראָטעסטאַנטישען הערשער האָט ער בעגריפען זיין פּראָטעסטאַנטישע נשמה, וועלכע מוז סימפּאַטיזירען מיט אַן אויפגאַבע וואָס בעצוועקט הערצושטעלען דאָס פאָלק פון דער ביבעל אין זיין אַמאָליגער היים; ביי אַנאַנדערן האָט ער דערשפּירט א פערלאַנג צו שאַפען עטוואָס שעהנעס און ראָמאַנטישעס, און האָט געוואוסט ווי אזוי דיעזען פערלאַנג צו געווינען פיר די בעוועגונג. ער האָט אָבער אייך פער־שטאַנען דעם גרויסען קאָלאָניאַל מיניסטער, וועלכער קען אָפּשאַצען מיט קלאָרען ישוב הדעת דעם ווערטה פון א גרויסער בעוועגונג מיט א רעליגיעז־קאָלירטע עמפּפינדונג אַלס אונטערשלאַג, און האָט דאָס גוטהאַרציגע ענג־לישע גערעכטיגקייטס־געפיהל פיר דעם שוואַכען און בעדריקטען.

איהם אַליין אין דעם גאַנג פון זיין דענקען און פיהלען איז קיין זאַך, וואָס איז נאָר מענשליך, פרעמד געווען, און דעריבער האָט ער פערשטאַנען יעדערענס שפּראַכע: די שפּראַכע פון דעם אָרעמען אידישען הויזירער, און

פון דעם קריסטליכען קייזער, די שפּראַכע פון סולטאַן און פּאַפּסט. און אַזוי ווי ער אַליין האָט גערעדט די שפּראַכע פון אמת און גערעכטיגקייט וואָס אַפּעלירט צו דאָס וואָס איז גוט און גרויס אין דער מענשליכער נאַטור, איז ער פון אַלעמען פערשטאַנען געוואָרען. אָט צו דער שפּראַכע האָט ער געהאַט צו פערדאַנקען זיינע ערפאָלגען.

**די גרינדונג פון דער באַנק.**

וואָס גרעסער דער פּאָליטישער ערפאָלג האָט אויסגעוויזען, און וואָס מעהר די בעוועגונג איז געוואַקסען, אַלץ נויטיגער האָט מען גענדאַרפט האָבען די פינאַנציעלע אַנשטאַלט, די באַנק. דאָס באַנק־קאָמיטע האָט שוין געענדיגט זיינע פאָרבערייטונגען פאַר די לעצטע צייכנונגען אויף אַקציען; וואָלפסאָהן, וועלכער האָט זעהר פיעל מיה אַוועקגעלעגט אויף די באַנק, האָט אויסגעאַרבייט די סטאַטוטען; קאַנן און דער לאָנדאָנער באַנקיער היימאַן האָבען פלייסיג געאַרבייט אין דער צייט וואָס הערצל האָט נאָכגעפאָלגט דעם דייטשען קייזער, און די בעראַטהונגען מיט הערצל, אין לאָנדאָן, פון 8טען ביז צום 13טען דעצעמבער 1898 האָבען צוגעפיהרט די זאַך צו אַ פּראַקטישען פונקט. ענדע יאַנואר האָט דאָס גרויסע אַקציאָנס־קאָמיטע אָנגענומען די סטאַטוטען און די ענדגילטיגע צייכנונג איז געזעצט געוואָרען אויף דעם 28טען ביז 30טען מערץ 1899.

אוסישקין האָט אויסגעדריקט די מורא אַז די באַנק קען נאָך אָנווענדען איהר טהעטיגקייט אין אַנדערע לענדער אַלס אין טירקישען אָריענט, אָבער האָט זיך דערנאָך בערוהיגט. פערלוימדונגען און העטצעריי האָט פון דעסטוועגען ניט געפעהלט. אפילו די פּערזענליכע עהרליכקייט פון די באַנק־גרינדער איז ניט פערשוינט געוואָרען פון אָנגריפען, און די גרינדער האָבען פון זייערע אייגענע טאַשען אַלע קאָסטען גערעקט. אָבער אַלע אַרבייטען זיינען געטהאָן געוואָרען אומזיסט, און די באַנק איז רעגיסטרירט געוואָרען, און די צייכנונג האָט זיך איינגעגעבען. ווען הערצל איז געקומען אין לאָנדאָן אין יוני 1899 איז די באַנק ערקלערט געוואָרען אַלס געגרינדעט.

די ערשטע אויפגאַבע פון דער באַנק האָט געזאָלט זיין די אָרגאַניזירונג פון אַ לאַנדגעזעלשאַפט. די סומע וואָס איז געווען געצייכענט האָט בעטראַפען אונגעפעהר פינף מיליאָן מאַרק, אָבער וויפיעל שוועריגקייטען איז דאָ געווען איבערצוקומען! די רייכע אידען זיינען כמעט אַלע געבליבען פון ווייטען. פּאָזנאַנסקי, וועלכען מען האָט שוין געהאַט געוואונען, האָט ניט

געהאַלטען זיין הבטחה פון זיין צייכנונג. אויף די פערהאַנדלונגען מיט די ראָטשילדס זיינען געוואָרען צו גאַרנישט. און עפּענטליך איז אין לאָנדאָן ערקלערט געוואָרען, אַז הערצל מיט זיינע לייטע ווילען „ביי די אָרעמע לייט זייער געלד אָוועקרויבען". אין דער גרויסער רעדע וואָס הערצל האָט געהאַל־טען אין סט. מאַרטינ'ס טאָון האָל, אין לאָנדאָן, אם 26טען יוני, האָט ער זיך לוסטיג געמאַכט איבער די געמיינע בעשימפּפונגען. אין דער פערזאַמ־לונג האָט ער אויך צום ערשטען מאָל גערעדט וועגען טשאַרטער, וואָס ער וויל קריעגען פון דער טירקישער רעגיערונג, אום צו קאָלאָניזירען פּאַלעס־טינאַ אונטער דער אויבערהערשאַפט פון סולטאַן. די באַנק דאַרף טראַכטען וועגען דעם.

ווען די דזשואיש קאָלאָניאַל טראָסט פערפאָלגט איצטער אַנדערע צוועקען אַלס געווינען אַ טשאַרטער איז זי דאָך אַ פאָלקסבאַנק אין בעסטען זינען פון וואָרט.

אם 15טען אויגוסט איז דער דריטער קאָנגרעס זיך צוזאַמענגעקומען אין באַזעל. די מייסטע וויכטיגע געגנער פון הערצל זיינען צו דעם קאָנגרעס ניט געקומען, איז דערפאַר דער קאָנגרעס געווען וועניגער שטורמדיג אַלס דער פריהעריגער קאָנגרעס. נאָר צוויי מאָל איז דער קאָנגרעס געקומען אין אויפרעגונג: ביי דער בעהאַנדלונג פון דער פראַגע, אויב די זיעבען דירעק־טאָרען פון דער באַנק זאָלען ערהאַלטען גרינדערשערס, און דאַן ווען דוד טריעטש איז ארויסגעקומען מיט זיין פּראָיעקט צו קאָלאָניזירען אידען אין ציפּערן. די דעלעגירטע ביים קאָנגרעס זיינען אָבער אַלע געווען אין אַ גוטער שטימונג צוליעב די ערפאָלגען וואָס הערצל האָט געהאַט אין דעם פערפלאָסענעם יאָהר. דעריבער איז אויך די אָפּאָזיציע געווען שוואַך. די באַנק איז געווען געגרינדעט, די בעוועגונג האָט פון דאָס ניי געוואַקסען, די סימפּאַטיען פון רעגיערענדע קרייזען געוואַונען. נאָך קורץ פאַר דעם קאָנ־גרעס האָט זיך דער גרויסהערצאָג פון באַדען אויסגעדריקט מיט אַנערקענונג וועגען הערצל'ס פּלענער.

ווען הערצל איז אויפגעטרעטען אויף דער טריבונע פון דריטען קאָנ־גרעס און איז שטורמדיג און בעגייסטערט בעגריסט געוואָרען, האָט ער געמעגט זאָגען מיט אַ ריינעם געוויסען: „עס איז געווען אַ גוטעס יאָהר, מיר זיינען אַ היבשע שטיק ווייטער געקומען". און ווייטער האָט ער געזאָגט אין דער ערעפנונגסרעדע: „אונזערע בעמיהונגען זיינען אויף דעם געציעלט, אַז

מיר זאָלען קריענען אַ טשאַרטער פון דער טירקישער רעגיערונג, אַ טשאַר־טער אונטער דער אויבערהערשאַפט פון זיין מאַיעסטעט דעם סולטאַן"...
„פאַר'ן געבען אונז דעם טשאַרטער וועלען מיר דער טירקישער רעגיערונג גרויסע פּאַרטיילע געבען."

אויף דעם אופן איז פאַרגעשריעבען געוואָרען דער וועג פון דער ציוניס־טישער פּאָליטיק פאַר'ן נעכסטען יאָהר.

די אָרגאַניזאַציאָנס־סטאַטוטען זיינען דאַן געקומען צו פערהאַנדלונג. וויכטיג איז דערביי געווען, וואָס אי די לייטונג אי די דעלעגירטע, האָבען בעטאָנט, אַז דער ציוניזמוס וועט קיינמאָל ניט אָננעהמען אַ בעשטימטע רעליגיעזע ריכטונג אין יודענטום, נאָר ער וועט אריינגעהמען אַלע ריכטונגען אין יודענטום. די וויעדערערוועהלונג פון הערצל איז פאָרגעקומען אונטער שטורמדיגער בעגייסטערונג.

די נעקסטע מאָנאַטען זיינען געווען פערנומען מיט ארבייטען פיר די באַנק, פיר פּאָליטישע בעשטרעבונגען, און זאַכען וואָס האָבען געהערט צו אָרגאַניזאַציאָן. אין אַ גרויסאַרטיגער רעדע וואָס הערצל האָט געהאַלטען פאַר אַ פערזאַמלונג פון וויענער קויפלייטע און באַנקיערען, האָט ער אין פריהלינג 1900 גערעדט איבער די באַנק פון אַ געשיכטליכען שטאַנדפּונקט, און האָט גערעדט איבער איהרע אידישע געגנער, וועלכע האָבען געזוכט די באַנק צו באָיקאָטירען. דער טאָן פון דער רעדע איז געווען מיט עטוואָס רוגזה, זיין אורטייל איבער אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס, ווי צום ביי־שפּיעל די אַליאַנס, איז געווען שאַרפער ווי געוועהנליך. מען האָט געקענט זעהן אַז דער קאַמפּף האָט דערגרייכט זיין העכסטע שטופע, און דאָס הערצל איז געווען נערוועז און אויסגעמאַטערט. ער ערקלערט זיך בערייט אַרויס־צוטרעטען פון דער לייטונג פון דער באַנק, אויב דאָס קען נאָר צוציהען אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס צו דער באַנק. איבערהויפּט האָט ער געהאַט שברת הלב דערפון וואָס דער ערוואַרטעטער פּאָליטישער ערפאָלג איז ניט צושטאַנדגעקומען. אָבער זיין אָפּטימיזם, זיין אונצערשטערבאַרער גייסט פון „גם זו לטובה", און זיין ערפינדערישער קאָפּ האָבען גלייך אָנגעפאַנגען צו זוכען נייע וועגען — פאָר אַלעם ביי די ענגלענדער. דורך מר. סידניי וויטמאַן איז ער אויך געקומען אין בעריהרונג מיט די רומענישע קעניג און קעניגין.

הערצל'ס ארבייט איז געווען כמעט איבערמענשליך. אויסער די פּאָלי־

טישע אַרבייט, און די רעגעלמעסיגע אַרבייטען פון זיין פּראָפעסיאָן, אַלס פעליעטאָן־רעדאַקטאָר פון די „נייע פרייע פּרעסע", האָט ער אויך פלייסיג

**דאָס נייע גהעטאָ.**

געאַרבייט אויף זיין נייעם ראָמאַן „אַלטניילאַנד", וועלכער האָט אויך געזאָלט דיענען אַלס אַגיטאַציאָנס־מיטעל. פאַר זיין „אַלטניילאַנד" האָט ער אַרויסגעבראַכט אַנאַנדער ליטעראַרישע שטיק אַרבייט „דאָס נייע גהעטאָ". דאָס איז אַ דראַמאַ, וואָס הערצל האָט זוכה געווען צו זעהן איהר ערשטע אויפפיהרונג אין יאַנואַר 1898. אין דעם שטיק פּאָדערט ער אויף די אידען זיך צו בעפרייען פון דעם מאָראַלישען געפענגניס אין וועלכען זיי שטעקען. די הויפּט־פּערזאָן פון דער דראַמאַ, דר. יאַקאָב סאַמועל, פערקערפּערט די צרות פון דעם פיין־פיהלענדען אידען. תריהער פּאַרלאָזט איהם זיין בעסטער פריינד, דר. פראַנץ וואורצלעכנער, ווייל ער וויל זיך אַריינלאָזען אין פּאָליטיק און זיין פערקעהר מיט אידען שטעהט איהם אין וועג. ער האָט מורא, מען קען נאָך זאָגען אויף איהם „יודענקנעכט". יאַקאָב געזעגענט זיך מיט איהם אָהן פערדרוס. „פריהער — זאָגט ער צו זיין קריסטליכען פריינד — האָב איך דיך נויטיג געהאַט אוועקצוגעהן מיט דיר ווייט פון דער יודענגאַס, איצטער קען איך שוין אַליין ווייטערגעהן". און ער געהט זיין וועג אַליין. ער ווערט אַדוואָקאַט אין אַ פינאַנציעלער אונטערנעהמונג פון זיינעם אַ קרוב, באַנקיער רהיינבערג. אַ באַנקראָטירטער ריטערליכער הערה, אַ קריסט נאַטירליך, איז אויך דערין פעראינטערעסירט. ווען עס קומט צו אַ קריזיס וויל דר. יאַקאָב סאַמועל שיטצען די אינטערעסען פון דעם קריסטליכען ריטטער; יענער פערשטעהט איהם ניט און שליידערט איהם אין געזיכט דעם זידעלוואָרט „יודענפּאַק". אַ דועל איז דער רעזולטאַט. דר. יאַקאָב סאַמועל פאַלט, נאָכדעם ווי ער האָט בעגריפען די גאַנצע שרעקליכע טראַגעדיע פון דעם אידען. „אידען! מיינע בריעדער! — רופט ער אין לעצטען אויגענבליק — מען וועט אייך נאָר דאַן לאָזען לעבען, ווען איהר וועט זיך אַליין בעפרייען... אַרויס פון דעם גהעטאָ!"

דאָס שטיק איז אַן אמת'ער אוצר פון לעבענסבילדער, אַ גלענצענד גע־זעלשאַפטסבילד. די גרויסשטעדטישע אידען מיט אַלע זייערע געשעפטען און געשעפטלעך ווערען פאָרגעשטעלט דורך מונטערע און ערנסטע פערזענ־ליכקייטען. דער בערזען־אַגענט וואַסערשטיין איז די געלונגענסטע פיגור — אָהן קולטור, גוטמיטהיג און לעבערליך. אַ פּאָעטישע לעגענדע וועגען

יהושע פאָן ספּייער איז פיין אריינגעוועבט געוואָרען אין דעם שטיק, און מאַכט א שטאַרקע ווירקונג.

אָבער נישט קוקענדיג אויף אַלע גלענצענדע מעלות פון דעם שטיק, מוז מען צוגעבען, דאס עס האָט דעם אונפערמיידליכען פעהלער פון א טענדענץ־שטיק. די כאַראַקטערען זאָגען וואס דער דיכטער וויל בעווייזען, און דאָס נעהמט פיעל אוועק פון דער לעבענסוואָרהייט און מאַכט שוואַכער די קינסטלערישע ווירקונג. און דאָך איז „דאָס נייע גהעטאָ" אויפגעפיהרט געוואָרען מיט גרויס ערפאָלג אין וויען, אַלמיטץ און אין איינינע אַנדערע שטעדט.

דער ראָמאַן „אַלטנייַלאַנד" איז א גרויסעס ווערק, און זיין אינהאַלט לאָזט זיך ניט איבערגעבען מיט א קורצקייט, וואס זאָל זיך פּאַסען פיר דיעזע לעבענסבעשרייבונג. אבער אין דער נומער פון דער „וועלט", וואס איז ערשיענען פאַר'ן דריטען קאָנגרעס, איז געוועזען געדרוקט א פּראָבע־קאַפּיטעל פון „אַלטנייַלאַנד" און צוזאַמען דערמיט א קורצער אינהאַלט פון דעם ראָמאַן, וואָס שטאַמט פיעלייכט פון הערצל'ס פעדער אליין. אין דעם קיצור ווערט געזאגט:

„גאַנצע צוואַנציג יאָהר איז דער יונגער דר. פריעדריך לעווענבערג געוועזען פערשוואונדען פון דער געזעלשאַפט. ער האָט די צוואַנציג יאהר פערבראַכט מיט דעם ענגלענדער קינגסקאָורט — א מענש מיט א משונה'דיגען כאַראַקטער — אויף אַן אינזעל אין פּאַסיפיק, און האָט קיין האָר ניט געוואוסט פון דעם וואס איז אין דער וועלט פאר דער צייט פּאַרגעקומען. אין יאהר 1920 איז ער צוריקגעקעהרט נאָך אייראָפּאַ. אין פּאָרט סאַאיד האָבען זיי געהערט פון רייזענדע וועגען די אויפבליהונג פון פּאַלעסטינא, און זיי בעשליסען צו מאַכען א קליינעם אומוועג, כדי צו בעזוכען די גאַנץ אונערוואָרטעטע קולטור אין א לאַנד, וואס זיי האָבען געלאָזען וויסט. ווען זיי האָבען בעטרעטען דעם האַפען פון חיפא איז לעווענבערג הערצליך בעגריסט געוואָרען פון א מאַנן, וואס האָט איהם דערקענט. דער מאַנן איז געוועזען דוד ליטוואַק, וועמעס עלטערן דיעזער לעווענבערג האָט אַמאָל גערעטעט פון עלענד. דאַמאָלס איז דוד ליטוואַק געוועזען א קליינער הונגעריגער אינגעל; איצטער איז ער א בכבוד'ער פרייער מאַנן.

„אַלטנײַלאַנד“ ער ווערט זײַער װעגװײַזער און פֿיהרט זײ בע־זעהן די „באַיאַרעס“, די גערטנער, די נײַע שטעדט, די אינדוסטריע־צענטערס, די דערפֿער בעוואוינט פֿון ארבײַטער, די באָדע־ערטער און די קאָלאָניען פֿון ווילאַס אויפֿ׳ן כרמל און בײַ דעם ים פֿון טבריא. א גרויסער קאַנאַל, צעהן מעטער ברייט און דרײַ מעטער טיעף, ציהט זיך פֿון מיטעללענדישען ים און פֿאַלט אין ים המלח. און מיט דעם טיעפֿען פֿאַל פֿון דרײַ הונדערט מעטער דרעהט ער א ראָד, וואס ליעפֿערט פֿופֿציג טויזענד עלעקטרישע פֿערדעקראַפֿט צו בעטרײַבען די אנשטאַלטען פֿון בעלײַכטונג און פֿון בעוועגקראַפֿט. אויף דעם העכסטען פּלאַטץ פֿון דער נײַ־אויפֿגעבויטער ירושלים שטעהט בײַ דעם נײַ־אויפֿגעריכטען טעמפּעל א פֿריעדענספּאַלאַסט, אלס צײַכען פֿון די נײַע שטרעבונגען פֿון די מענשען פֿון דעם לאַנד, און אלס מיטעלפּונקט פֿון דער ריעזיגער הילפֿסטהעטיגקײט פֿון דער גאַנצער וועלט, אין פֿאַל פֿון גרויסע שריפֿות, פֿערפֿלײַצונגען, הונ־גערנויט, מגפֿות. אַהער קומען אויך ערפֿינדער, קינסטלער, געלעהרטע צו געפֿינען אונטערשטיצונג פֿאַר זײַערע אונטערנעהמונגען. דער פּאַלאַסט טראָגט אײַנגעקריצט דעם שפּרוך: „ניחיל הומאַני א מע אַליענום פּוטאָ“ (קײן זאַך וואס איז מענשליך איז מיר פֿרעמד).

און די טרעגער פֿון דער קולטור זײַנען אידען פֿון דער „נײַער געזעל־שאַפֿט“, וועלכע בעוואוינען אָט־די אלט־נײַע פּאַלעסטינא — מענשען, וואס זײַנען פֿרײַ פֿון די מיאוסע ערשײַנונגען פֿון קאָנקורענץ־קאַמפּף, וועלכע נעה־רען צווישען זיך דעם גײַסט פֿון דער פֿרײַעסטער טאָלעראַנץ, וואָס זײ האָ־בען געלערענט דורך א לאַנגע צײַט פֿון לײַדען, וואס בעהאַנדלען דעם פֿרעמ־דען ווי אן אײַגענעם, און טרויען אָן די הנהגה פֿון לאַנד צו דעם בעסטען און בעשײַדענסטען בירגער. דער נאָמען „פּאָליטיקער“ איז בײַ זײ א זעל־טענהײַט. אלע אײַנוואוינער, מענער ווי פֿרויען, מוזען געבען צוויי יאָהר דעלוואָרט. אלע אײַנוואוינער, מענער ווי פֿרויען, מוזען געבען צוויי יאהר פֿאַר עפֿענטליכען דיענסט (פּאָבליק סוירוויס). ביידע געשלעכטער זײַנען גלײַכבערעכטיגט, דאָך זײַנען די פֿרויען קלוג גענוג ניט צו אָפּפֿערן זײַערע הײַ־מען אום זיך אָפּצוגעבען מיט כלל־זאַכען. דער באָדען געהערט טײַלווײַז צו פּריוואַט־פּערזאָנען און טײַלווײַז צום גאַנצען פֿאָלק. דאס לעצטערע איז דער גרעסטער טײַל. פּריוואַט־מענשען דינגען דעם באָדען פֿון שטאַאַט, אבער ניט מעהר ווי ביז צום יובל־יאָהר. דאַן קומט דער באָדען ווידער צום פֿאָלק. צײַטונגען געהערען צו קאָ־אָפּעראַטיווע חברות. זײ נויטיגען זיך

דעריבער ניט אין סענסאַציעס, נאָר זייער צוועק איז ערציהען דאָס פאָלק. איבערהויפּט איז דער גרעסטער טייל פון עקאָנאָמישען לעבען אָרגאַניזירט קאָ־אָפּעראַטיוו. יעדער איינציגער האָט א רעכט אויף ארבייט אין זיעבען־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. אפילו דער פערברעכער ווערט געוועהנט צו ניצ־ליכער ארבייט, און אויף דעם אופן צוריקגעגעבען צו דער מענשהייט. דאָס אַלעס האָבען אויסגעפיהרט די ציוניסטישע אידען און זייערע טרעגער — מענער, וועלכע ווילען דיענען דער מענשהייט, דיענענדיג דערוויילע זייער אייגענעם אַלטען פערפאָלגטען שטאַם. זאָרגענדיג פאַר די אייגענע, דאַרף מען ניט זיין אזוי ענגהערציג, צו פערגעסען דאס אַלגעמיין־מענשליכע, דעם גרויסען כלל — דאָס פאָדערט אי די קלוגהייט אי די דאנקבארקייט. „דענן ניידאַרף איז דאָך באמת ניט געבויט געוואָרען אין פּאַלעסטינא. עס איז געבויט געווארען אין ענגלאַנד און אמעריקא, אין פראנקרייך און אין דייטש־לאַנד. ניידאַרף איז ארויסגעוואקסען פון ערפאַהרונגען, ביכער און חלומות... אַלע אייערע פּלאַנצונגען וועלען פארוועלקען, אויב ביי אייך וועט ניט בלי־הען געדאַנקען־פרייהייט, גרויסמוטה און מענשענליעבע... עס וואָלט געווען געגען אַלע גוטע מדות, ווען מיר זאָלען ניט צולאָזען א מענשען — פון וואַ־נען ער זאָל ניט שטאַמען און פון וואָס פאר א גלויבען ער זאָל ניט זיין — טייל־צונעהמען אין אונזערע שאַפונגען... אונזער כלל גדול מוז זיין: „מענש, דו ביזט מיין ברודער“.

דאָס איז דער „ענגהערציגער ציוניזמוס“ וועלכען די האַלב־געבאַקענע קאָסמאָפּאָליטען אונזערע, די אידישע אנטי־אידישע געגנאָסען, מאַכען אוועק אונטער דער האַנד, בעהויפּטענדיג אז זיי שטעהען פיעל העכער פון אזא „ענגהערציגע“ בעוועגונג!

דאָס בוך צייכענט זיך אויס ניט נאָר מיט דער גלענצענדער שפּראַכע און מיט א מענגע פון בריליאַנטענע געדאַנקען. עס איז אויך דורכגעוועבט מיט זעלטענע נאַטורשילדערונגען, און אין פיעלע ערטער הייבט זיך דער פערפאַסער אויף צו א גוואַלטיגער דיכטערישער הויכקייט. וואונדערשעהן און טיעף ערגרייפענד איז דער הספּד פון דוד ליטוואַק נאָך זיין טויטער מו־טער — אַן אמת'ער שיר השירים פון מוטער־ליעבע. ניט ווענינגער שעהן און ערהאַבען איז דאָס שלוסוואָרט פון פערפאַסער אַליין.

„אַלטנייַלאַנד“ איז א צוזאַמענמישונג פון א שכל־הישר'דיגער פּראַק־טישער אויפפאַסונג פון דער וועלט צוזאַמען מיט א שטאַרקען זינן פיר שעהנ־

קייט און ערהאבענהייט. אקוראט ווי דער פּערפאסער אליין: א מענש מיט אייזערנעם ווילען, מיט א קלאָרען ניכטערען קאָפּ, מיט א שארפען בליק פאר דעם ממשות׳דיגען איצטער, און אין דער זעלביגער צייט א זעהער, א טרוימער פון זאכען, וואס זיינען אי שעהן אי גרויס. און הערצל אליין האָט געזאגט איינמאָל ערגעץ־וואו אין זיינע שריפטען: „דאָס טרוימען איז אלע מאָהל געשאַפען אויסצופילען די צייט, וואס מיר פערברייננגען אויף דער ערד. טרוים און טהאט זיינען ניט אזוי ווייט פערשיעדען איינער פון דעם אנדערען, ווי מאַנכע גלויבען. אלעס וואס מענשען טהוען איז פריהער געוועזען א טרוים, און וועט שפּעטער ווערען א טרוים“.

הערצל אליין האָט זיין „אַלטנײַלאַנד“ בעטראַכטעט אלס זיין בעסטעס ווערק נאָך זיין „פּאַליי בורבאָן“, און מיר מעגען אויך צוגעבען: נאָך זיין „יודענשטאַאַט“, וועלכעס ווערט ליידער ניט גענוג געלעזען. אין „אַלט־נײַלאַנד“ האָט ער זיין גאַנצעס וועזען אריינגעטאָן, זיין פערלאַנגען, זיינע ציעלען, זיינע האָפנונגען. און פיר אייניגע פון זיינע חברים, וואָס האָבען מיט איהם צוזאמען געקעמפּפט, האָט ער אין „אַלטנײַלאַנד“ אויפגעשטעלט מאָנומענטען, דערמיט וואָס ער האָט זיי געמאַכט פאר די כאראַקטערען פון זיין בוך. אין זיין „דוד ליטוואַק“, אין זיין „שטיינעק“, אין זיין „דשאָ“, און אין די אנדערע פיגורען פון דער ערצעהלונג דערקאָנט מען פערזאָנען פון דעם ענגען קרייז געטרייע מיטארבייטער וואָס זיינען ארום איהם גע־שטאַנען. פּאָליטישע פיינדע, אינטריגאַנטען און געמיינע שרייערס, האָט ער געשטעלט צום שאַנד־קלאָץ. די נעמען זיינען זעהר לייכט צו דערקענען. אָבער אויך דעם גאַנצען פאָלק האָט ער אויפגעשטעלט אַן עהרען־מאָנומענט. ניט צו דער מאַסע וואָס איז בעדריקט פון עלענד און נויט און געמאַכט פאר אוים מענשען דורך רדיפות און ליידען, וועמעס פעהלערען און שוואכקייטען ער האָט גוט געקענט און האָט זיי געשפּירט אָן זיך אליין; זאָנדערן דעם שטאַם מיט די גרויסע אַנלאַגען, מיט די גרויסע פעהיגקייטען, און מיט דער אונצערשטערבארער ריינער שטרעבונג נאָך ווייטע הויכע מענשען־ציעלען — איהם האָט ער אויפגעריכטעט א מאָנומענט אין זיין ווערק. אין איהם האָט ער געגלויבט. ער איז געוועזען פאר איהם דער סך הכל פון יודענטהום, ווי ער זאָל זיין, ווי הערצל האָט געוואָלט ער זאָל זיין.

אין די האַנדלענדע פערזאָנען פון „אַלטנײַלאַנד“, אין די פערזאָנען פון

אייכלבוים, דוד ליטוואַק און שטיינעק עהרט הערצל דאָס אידישע פאָלק פון דער צוקונפט.

הערצל האָט צוליעב די חלומות ניט פערגעסען דעם פּראַקטישען איצטער.

מאָנטאַג, דעם 13טען אויגוסט, איז דער פיערטער קאָנגרעס צוזאַמענגעקומען אין קווינס האָל אין לאָנדאָן. אַ קורצע צייט פאַר דעם איז הערצל ערנסט קראַנק געוואָרען און איז געלעגען אַ קראַנקער אין לאַנגהאַם האָטעל, און מען האָט געצווייפעלט אויב ער וועט קענען ערשיינען צום קאָנגרעס.

**דער פיערטער (לאָנדאָנער) קאָנגרעס.**

אָבער זיין שטאַרקער ווילען האָט בעהערשט זיין קערפּער. צוויי טעג פאַר'ן קאָנגרעס איז ער געפאָהרען פון זיין קראַנקען־בעט צום אַסעמבלי האָל, וואו אַכט טויזענד מענשען האָבען געוואַרט אויף איהם. די אויפגערעגטע מאַסע האָט איינגעבראָכען די טירען, נישט קוקענדיג אויף די גרויסע צאָהל פּאָליציי־בעאַמטע, וואָס האָבען געזוכט צו האַלטען אָרדנונג אַרום האָל. קאַוען, גאַסטער, זאַנגוויל, נאָרדאַו, מאַנדעלשטאַם און הערצל האָבען גערעדט, און צו דער בעגייסטערונג און יובלען פון פאָלק איז קיין ענדע געוועזען. די גאַנצע איסט ענד איז געווען אין פיבערענדער אויפרעגונג. הערצל האָט אויסגעזעהען אָבגעצעהרט פון דער קראַנקהייט, אָבער אַן דעם טאָג ווען דער קאָנגרעס איז געעפענט געוואָרען האָט ער זיינע גאַנצע ענערגיע צוריקגעוואונען.

אין דער ערעפענונגס־רעדע פון דעם קאָנגרעס האָט ער ערקלערט, אַז דער געוואונשטער „טשאַרטער" פון דער טירקישער רעגיערונג איז נאָך ניט ערהאַלטען געוואָרען, אָבער די האָפנונג אויף צו קריגען אַ טשאַרטער איז שטאַרק. דאַן אָבער געהט ער איבער פון דער שטעלונג פון פערטיידיגען זיך צו אַן אַנגריף אויף זיינע אידישע געגנער. ער פרעגט ביי זיי: „וואָס האָט א י ה ר אויפגעטאָן צו דער לינדערונג פון דער אידישער נויט דורך אַלע דיעזע יאָהרען? וואו זיינען א י י ע ר ע רעזולטאַטען? לאָזט אונז הערען פאַקטען! מיר ווילען זיי גערן בעוואונדערן און אייך דאַנקען דערפאַר אין דעם נאָמען פון די ליידענדע".

די גאַנצע רעדע איז אַ ביטערע אַנקלאַגע געגען די גלייכגילטיגקייט און פוילקייט פון דער אידישער פּאַרשטעהערשאַפט.

דאַן קומט נאָרדאַו מיט זיין רעדע איבער די לאַגע פון די אידען. ער רעדט בעזאָנדערס פון די רדיפות אין רומעניען. ער פערגלייכט די אידען צו

א לאַנגען צוג פון נאָרדישע לעמינגע (ווילדע שאָף) „איבער וועלכען רויב־פויגעל דרעהען זיך, ארום וועלכע רויב־טהיערע יאָגען זיך, און האַפּען ארויס זייערע קרבנות ווי זיי געפעלט; ער רעדט פון די אידען, ווי יעדער איינציגער טרייבט זיי פון זיך, זיי זאָלען נאָר געהן ווייטער, אין דאָס אונבעקאַנטע, צו די הרי חושך, ווייט־ווייט אוועק!“ — און די רעדע פון נאָרדאו ברייננט ארויס אַן אונבעשרייבליכע ערשיטערונג אונטער די טויזענדע צוהערער.

א טיעפען רושם מאַכט אויך דר. מאַנדעלשטאַם פון קיעוו מיט זיין רעדע איבער די קערפּערליכע הייבונג פון די אידען, וואָס שילדערט דאָס עלענדע לעבען פון די אידען, די נויט וואָס ברייננט זיי ארונטער קערפּערליך.

איבערהויפּט אַלס דעמאָנסטראַציע צו דער וועלט האָט דער לאָנדאָנער קאָנגרעס איבערשטיעגען די פריהעריגע קאָנגרעסען. ער האָט אויך פיעל בייגעטראָגען צו דער אינעווענינגסטער אָרגאַניזאַציע און צו דער פערברייטונג פון ציוניזם. הערצל פערזיכערט אייניגע מאָהל, אַז אין ציוניזמוס וועט קיין זאַך געטאָן ווערן געגען רעליגיאָן, אָבער ער פערלאַנגט אַז די אָרטאָדאָקסיע זאָל אויפהערען אגיטירען געגען די קאָנגרעסען. הערצל בעהערשט דעם קאָנגרעס כמעט אָהן אָפּאָזיציאָן. נחום סאָקאָלאָוו האָט דעם קאָנגרעס געשלאָסען. בעריהרענדיג די וויעדערערוועהלונג פון הערצל האָט ער געזאָגט: „איך פיהל אַז דער טיטעל פּרעזידענט איז ניט גענוג צו בעצייכענען דעם אַמט פון דעם מאַן וואָס איז צו גלייכער צייט אונזער שטאָלץ און אונזער פּראָגראַם“.

דאָס אויפזעהן, וואָס דיעזער קאָנגרעס האָט געמאַכט אין דער ענגלישער פּרעסע איז געווען זעהר גרויס. די גרעסטע צייטונגען זיינען ארויסגעקומען מיט לאַנגע בעריכטען, און כמעט אַלע האָבען אויסגעדריקט די מיינונג, אַז די פערווירקליכונג פון ציוניזמוס הייננט אָפּ פון דעם ציעלבעוואוסטען שטרעבען פון אידישען פאָלק. די ענגלישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע צושיקט א צירקולאַר צו אַלע קאַנדידאַטען וואָס זיינען געשטאַנען פאַר די וואַהלען צום פּאַרלאַמענט, אַז זיי זאָלען נעהמען שטעלונג צום ציוניזמוס. אונגעפעהר א הונדערט אַזעלכע קאַנדידאַטען האָבען פערשפּראָכען, דאָס אין פאַל זיי ווערן געוועהלט, וועלען זיי בענוטצען זייער איינפלוס אין פּאַרלאַמענט צו גונסטען פון ציוניזמוס. אויך לאָרד סאָליסבורי, דער פּרעמיער, האָט זיך אָנגעהויבען צו אינטערעסירען פאַר'ן ציוניזמוס. אין אַן אינטערוויו האָט ער ערקלערט,

אז אַ אידישער שטאַאַט איז מעגליך און וואָלט געווען ניצליך. איבערהויפּט האָט דער ציוניזמוס דורך דעם פיערטען קאָנגרעס זעהר פיעל געוואונען אין בעדייטונג אין ענגלאַנד.

די ענטוויקלונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע הייבט זיך אָן בעסער אָנצוזעהן. אין דייטשלאַנד פאַנגען די ציוניסטען אָן צו פאָדערען א קאָנפערענץ וואָס זאָל פערטרעטען אלע אידען פון דייטשלאַנד (אַ יודענ־טאַג). פיעלע פערזאַמלונגען ווערן אָבגעהאַלטען. די ליבעראַלע פרעסע, אין ווי ווייט זי געהערט צו אידען, קעמפּפט געגען אַזאַ פאָרשלאַג. אין עסטרייך נעהמען די ציוניסטען אַ האַנד אין די וואַהלען, און געווינען פיעל אין אנזעהן. אין בולגאַריען קריגען די ציוניסטען אריין אין זייערע הענד די פיהרערשאַפט פון די אידישע געמיינדען. די אלע אינוויינינגסטע ארבייטען פון דער אָרגאַניזאַציע ווערן אונטערשטיצט און טיילווייז אָנגעפיהרט פון הערצל. און אין דער זעלביגער צייט ארבייט הערצל אויך אונערמידליך און מאַכט אַלערליי פּאָליטישע קאָמבינאַציעס אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד, עסטרייך, און אין דער טירקיי. שוין אין יאָהר 1900 איז אויסגעארבייט געוואָרען אַ פּלאַן פיר אַ טשאַרטער, און הערצל מאַכט די נייטיגע ערשטע טריט, אום עס צו קענען פאָרלייגען פאַר'ן סולטאַן. די פערהאַנדלונגען, וועלכע זיינען ביז איצטער געפיהרט געוואָרען דורך פערמיטלער, וויל ער אַליין ברייננגען צום אָבשלוס. הערמאַן וואַמבערי, דער בעריהמטער פאָרשער, גרייט צו דעם וועג. וואַמבערי איז אַמאָל געווען דער לעהרער פון דער פּרינצעסין פאַטמאַ סולטאַן, און האָט דאַמאָלס געמאַכט די בעקאַנטשאַפט פון איהר ברודער, דעם פּופּצעהן־יעהריגען אַבדול עפענדי, וועלכער האָט שפּעטער בעשטיעגען דעם טראָן פון די קאַליפען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אונטער דעם נאָמען אַבדול חאַמיד. וואַמבערי איז געווען ווייט פון ציוניסטישען געדאַנקען, דאָך האָט ער זיך ערקלערט גרייט צו דיענען הערצל'ען, און נישט אַכטענדיג אויף די פיעלע אינטריגען, וואָס האָבען געהערשט אין פּאַלאַסט, ארום אַבדול חאַמיד, און טראָטץ די געגנערשאַפט פון די דיפּלאָמאַטישע קרייזען, איז וואַמבערי'ן דאָך געלונגען צו צערשטרייען דאָס מיסטרויען פון סולטאַן. הערצל זאָל פון איהם אויפגענומען ווערן. אינמיטען מאַי, 1901, איז ער אָבגערייזט נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אין דער בעגלייטונג פון אָסקאַר מאַרמאָרעק און וואָלפסאָהן. פרייטאָג, דעם 17טען מאַי, נאָך דעם „סעלאַמליק“, (בעזוך אין דער מאָשעע) האָט

**אויפנאַהמען ביין סולטאַן.**

איינ'ער פון דעם סולטאן'ס אדיוטאנטען איינגעלאדען הערצל'ען אין פאַלאַסט, וואו דער סולטאן האט איהם געהאלטען אין אודיענץ פיר גאנצע דריטהאלבען שטונדען. ער לייגט פאר זיינע פּלענער פאר'ן סולטאן און מאכט אויף איהם א גוטען איינדרוק.

נאָך דער אודיענץ ערהאלט ער פון סולטאן א מעדאל — דעם גרויס־קארדאן פון דעם מעדשידיעה־אָרדען — א זעהר הויכע אויסצייכנונג. דעם נעכסטען מאָרגען ווערט ער ווידער גערופען אין פּאלאַסט (יילדיז קיאָסק), וואו ער פערבלייבט פון מיטאג שטונדע ביז 4 אוהר נאכמיטאג. און ווען ער איז שוין געשטאנען גרייט צו פערלאָזען קאָנסטאנטינאָפּאָל, איז ער נאָך אמאָהל גערופען געוואָרען אין פּאלאַסט, וואו ער איז פערבליבען פון 9 אוהר פריה ביז 5 אוהר נאכמיטאג. דער סולטאן האט איהם געמאכט א מתנה א פּראכטפאָלע בריליאנטען־נאָדעל, און האט פון איהם פערלאנגט א שריפטליכע אויסאיינאנדערזעטצונג פון זיינע פּלענער.

פול מיט גרויסע האָפנונגען האט הערצל אָבגערייזט פון קאָנסטאנטינאָפּאָל נאָך וויען, און פון דאָרט ווייטער נאָך פּאריז און לאָנדאָן, אום צו ::כען פינאנציעלע קוועלען, אין פאל אז דער טשארטער זאָל בעוויליגט ווערן. אין פּאריז האט הערצל געפונען פערשלאָסענע טירען; אין לאָנדאָן האט מען איהם פערשפּראָכען די גרינדונג פון דער לאנדקאָמפּאני, אויב דער טשארטער זאָל פון דער טירקישער רעגיערונג געגעבען ווערן. דערווייל ארבייט ער אין לאָנדאָן אויף דעם שריפטליכען „עקספּאָזעה" (פּלאַן) פאר'ן סולטאן, און האט אין דערזעלביגער צייט אלערליי דאגות און בעשפּרעכונגען, פּלענער און נייע פערבינדונגען. ערשט אם 24טען יוני איז די שריפטליכע פאָרשטעלונג פון דעם פּלאַן (עקספּאָזעה) געקומען אין סולטאן'ס האנד. אין דער שריפט האט הערצל פערלאנגט אז דער טשארטער זאָל גלייך געגעבען ווערן, ווייל „אונזערע לייטע ווילען זעהן עטוואס ממשות'דיגעס איידער זיי קומען ארויס מיט דעם געלד".

אם 11טען יוני איז הערצל געווען עהרענגאַסט ביי דעם אָנגעזעהענסטען אידישען פעראיין אין לאָנדאָן — „די מאקאבעאנס". זאנגוויל איז געווען דער פאָרזיצענדער פון דעם אבענד, און ער האט הערצל'ען בעגריסט, אונטער די בעגייסטערטע אָוואציעס פון די פערזאמעלטע, אלס „דעם ערשטען אידישען שטאאטסמאן זייט חורבן ירושלים". ארום זיין נאָמען — האט ער געזאָגט — וועבט זיך דער גרויסער כבוד, פון לאָזען הערען די שטימע,

וואָס רופט נאָך מוט און זעלבסטפּערטרויען, אין א צייט ווען דאָס אידישע פאָלק איז געקנעכטעט און געדריקט פון אַנדערע, און שטעהט אין סכנה פערזונקען צו ווערן אין צווייפעל און זעלבסטפּעראַכטונג".

הערצל ענטפערט און גיט צו פערשטעהן, דאָס דער ערפאָלג אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל קען עררייכט ווערן ווען די נייטיגע געלדער זאָלען גע־שאַפען ווערן. ער אַפּעלירט צו אלע אידען, אז זיי זאָלען זיך ערווייזען דאַנקבאַר פאַר „די היסטאָרישע הילפע וועלכע מען בריינגט זיי", און פאָ־דערט די אויפטרייבונג פון צוויי מיליאָן פונט (10 מיליאָן דאָלאַר).

אָבער די פערהאַנדלונגען וועגען געלד שלעפּען זיך לאַנגזאַם, און אָהן גרויסע מיטעל איז קיין האָפנונג ניטאָ די זאַך גליקליך דורכצופיהרען.

**הערצל'ס שווערעניסען און צווייפעל.**

ער דיינקט וועגען ווענדען זיך צו קאַרנעגיע, צו די זיד־אפריקאַנישע מיליאָנערען, צו סעסיל רהאָודס. דיעזער לעצטערער האָט זיך ווירקליך פעראינטערעסירט אין דער זאַך דורך דעם בעקאַנטען פריעדענספּרעדיגער סטעד. אָבער א קורצע צייט נאכדעם איז ער געשטאָרבען. הערצל זעהט איין, אז זיין גאַנצע ארבייט און מיה ווערט צושמעטערט, אָנשטויסענדיג זיך אָן די טויבקייט און גלייכגילטיגקייט פון די רייכע. און דערוויילע האָט די באַנק נאָך אויך ניט געארבייט ווי עס געהער צו זיין, ווייל די צאהלונגען אויף די שערס פון די 330,000 צייכנער זיינען ניט געקומען רעגעלמעסיג, און דערוויילע איז דער רושם, וואָס ער האָט געמאַכט אויפ'ן סולטאַן נאַטירליך אָבגעשוואַכט געוואָרען. ער פיהרט דורך אַלעס וואָס ער נעהמט זיך אונטער צו טאָן, און בלייבט דאָך אָהן ערפאָלג צוליעב די האַרטקייט פון די רייכע אידען. צייטענווייז ערגרייפט איהם א מרה שחורה, א טיעפער הארצוועה.

און דערביי הויבט די גרויסע מאַסע אָן צו ווערן אונגעדולדיג. זי וויל זעהן רעזולטאַטען. אפילו אנגעזעהענע פיהרער פאַנגען אָן צו זוכען חסרונות. מאַנכע לייטע, וואָס האָבען געזאָלט וויסען די לאַגע, מאַכען איהם אַלערליי ביטערע פאָרווירפע, ווען ער פערנאַכלעסיגט זייערע צושריפטען און פּלענער, הגם די שולד איז ניט זיינע, דען זיינע איבערמענשליכע ארבייטען האָבען פאַר איהם אונמעגליך געמאַכט אַלעם אליין צו בעזאָרגען. און דאָך ווערט ער ניט ענטמוטהיגט. אין א בריעף צו העררן גוסטאַוו ג. קאהען אין אָקטאָ־בער 1901, זאָגט ער: „מיר זיינען שוין אין לעבען אזוי פיעל שיפען אונ־טערגעגאַנגען, דאָס איך קען גוט פאַרטראָגען בייזע בשורות".

אידישע סטודענטען פון רוסלאַנד און עסטרייך האָבען זיך פערזאַמעלט אויף אַ קאָנפערענץ אין מינכען. מען האָט דאָרט גערעדט פון אַ בעזונדערן

דער פינפטער (באַזעלער) קאָנגרעס.

„יודענקאָנגרעס", וואָס זאָל האָבען צום צוועק די פערטיעפונג פון דער אידעע, און די שאַפונג פון אַ „טהעאָרעטישען צענטער". דער ציוניסטישער פינפטער קאָנגרעס זאָל, אויף דעם פערלאַנג פון די רוסישע ציוניסטען גע־האַלטען ווערן אין ווינטער. הערצל איז געוועזן שטאַרק אויפגערעגט איבער דעם פלאַן, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר אינערע שפּאַלטונגען און פאַר פּאָליטישע הינדערניסע, וועלכע קענען נאָך אַרויסקומען דורך די אונבעדאַכטע רעדען פון די יונגע לייט. ער האָט בעטראַכטעט דעם נוטצען פון דער גאַנצער אונטערנעהמונג אַלס ניט פיעל ווערטה, און דעם שאַדען וואָס זי קען ברייני־גען אַלס געפעהרליך.

אין אָקטאָבער איז עס ווידער אַ קאַפּעלע ליכטיגער געוואָרען. ציוניסטישע פירמען האָבען גענומען אַ האַנד אין דער באַנק, און די באַנק האָט געקענט עפענען די טירען און אָנפאַנגען צו מאַכען געשעפטען.

הערצל האָט מיט שטאָלץ געקענט מאַכען די מיטטהיילונג וועגען דעם צום פינפטען קאָנגרעס, וועלכער האָט זיך אַם 26טען דעצעמבער געעפענט אין באַזעל. ער האָט אויך אָנגעזאָגט די שאַפונג פון נאַציאָנאַל־פאָנד, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען לויט דעם פאָרשלאַג פון דעם דאַמאָלס שוין פערשטאָר־בענעם פּראָפעסאָר שאַפּיראָ — דעם ווילנער אינגעל, וואָס האָט מיט פיעלע יאָהרען צוריק פאַרבלאָנדזשעט נאָך דייטשלאַנד, און איז דערנאָך געוואָרען פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק אין דער היידעלבערגער אוניווערזיטעט. דער נאַציאָנאַל פאָנד האָט איצטער גענדארפט אָנפאַנגען ארבייטען. די אידעע זאָל געבען דעם פאָלק די קראַפט אויסצובויען די געשאַפענע אַנשטאַלטען. נאָר די אידעע, דער געדאַנק קען דאָס טהאָן. די לייטע, וועלכע גלויבען אַז מיט געלד קען מען אויסלייזען אַ פאָלק, מוזען דורכפאַלען. „אין אָנפאַנג איז ניט געווען דאָס געלד, נאָר די אידעע".

און וואַרם אַפּעלירט הערצל צו די ציוניסטען, אַז זיי זאָלען היטען די אַנשטאַלטען, וואָס די בעוועגונג האָט געשאַפען, אַז עס זאָלען ניט איינדרינגען אין זיי ציוניסטען וואָס רופען זיך „פּראַקטישע מענשען", און גיבען זיך וועניגער אָפּ מיט „חלומות", געגען דעם ווילען פון דעם ציוניסטישען פאָלק.

דער נאַציאָנאַל־פאָנד איז בעשלאָסען געוואָרען די שפּאַלטונג אין

קאָנגרעס צוליעב דעם „קולטור־ציוניזמוס“ איז פּערהיט געוואָרען. א קולטור־קאָמיטע איז בעשטימט געוואָרען. זאַנגוויל האָט אין א גרויסער רעדע אָנגעגריפען שטארק די יק״א, און האָט שפּעטער פּאַרטגעזעצט דיזען אַנגריף אין וואָרט און שריפט.

אויף א דעפּעשע, וואָס דיזער קאָנגרעס האָט געשיקט צום סולטאַן, איז ערהאַלטען געוואָרען א זעהר ווארעמע אַנטוואָרט, וועלכע האָט בעוויזען אַז מען איז אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל גענייגט ווייטער צו פּערהאַנדלען. ערהאַלטענדיג אַן איינלאַדונג, איז הערצל אין מיטען מאָנאַט פעברואַר אוועקגעפאָהרען נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אין מערץ איז ער שוין געווען טהעטיג אין לאָנדאָן. אין יוני איז ער ווידער געקומען אין לאָנדאָן אַלס עדות פאַר דעם פּאַרלאַמענטארישען קאָמיטע, וואָס האָט אונטערזוכט די פראַגע פון אַן איינוואַנדערונגס־געזעטץ פיר ענגלאַנד. אַזאַ איינלאַדונג צו אַן אויסלענדער פון א אונטערזוכונגס־קאָמיטע איז געווען א גאַנץ אונגעוועהנליכע פּאַסירונג און האָט געמוזט בעטראַכט ווערען אַלס א בעזונדערע עהרע.

אין דערזעלביגער צייט האָט הערצל'ען געטראָפען א גרויסעס אונגליק. זיין פאָטער, יעקב הערצל, איז פּלוצלונג געשטאָרבען אם 9טען יוני. הערצל

**דער טויט פון יעקב הערצל.**

איז צוריקגעקעהרט נאָך ווין. הערצל און זיין פאָטער זיינען געהאַנגען איינער אָן צווייטען מיט דער צערטליכסטער ליעבע. אָבער ניט נאָר ליעבע, זאָנדערן אויך געגענזייטיגער רעספּעקט האָט ביי זיי געהערשט. הערצל האָט דעם פערלוסט זעהר שטארק געפיהלט. אום צו געפינען טרויסט אין זיין שמערץ האָט ער זיך מיט דאָפּעלטער ענערגיע געוואָרפען אין קאַמפּף פיר זיין פאָלק.

אם 16טען יולי ערשיינט הערצל פאַר דער „אייליען קאָמישאָן“ פון פּאַרלאַמענט, פון וועלכער לאָרד ראָטשילד איז אויך געווען א מיטגליעד. זיין

**די „אייליען קאָמישאָן“.**

פערהער ביי דעם קאָמיטע האָט גענומען א גאַנצען טאָג. די פראַגען מיט די אַנטוואָרטען האָבען צוזאַמען אָנגענומען די געשטאַלט פון א שווערע אַנקלאַגע געגען די לענדער וואָס אונטערדריקען אידען. זיינע אַנטוואָרטען האָבען אויך ניט געשוינט די אונטהעטיגקייט פון באַראָן־דע־הירש־פאָנד, און יענע „אויף־מיין־דאגה־בעלי־צדקה“, וועלכע לאָזען די הונגערנדע מאַסען זיך אָנזאַמלען אין גרויסע צענטערס, וואו זיי מאַכען דעם אַנטיסעמיטיזם שטארקער, אַנשטאָט צו שאַפען פאַר זיי פרייע ערי מקלט, ערטער וואו זיי זאָלען זיין פריי. הערצל

מאכט א טיעפען איינדרוק אויף די אנוועזענדע, און מען מעג זאָגען מיט זיכערהייט, דאָס זיין פערהער האָט געהאט א געוויסען איינפלוס אויף די געזעצגעבונג וועגען איינוואנדערונג וואָס דער פּאַרלאַמענט האָט נאכהער דורכגעפיהרט. הערצל'ס אויפטרעטען פאַר דער „איילינען קאָמישאָן“ האָט איהם אויך געבראכט אין פערבינדונג מיט הויכע פּערזאָנען, וועלכע האָבען איהם שפּעטער געדיענט ביי זיינע פערהאנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגיערונג, און זייער פערמיטלונג איז געווען פון גרויסען ווערטה.

תיכף נאָך זיין פערהער ביי דער „איילינען קאָמישאָן“ האָט ער ערהאַלטען א טעלעגראַפישע איינלאַדונג צום סולטאַן נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און אם 22טען יולי איז ער אהין אָבגעפאָהרען מיט וואָלפסאָהן.

**דעם סולטאַנ'ס פּאַרשלעגע.**

ער ווערט דאָרט אויפגענומען ווי א פירסט, איז דער גאַסט פון סולטאַן אין זומער פּאַלאַסט טהעראַפּיא, א הויף־עקיפּאַזש ווערט איהם געשטעלט צו דיענסטען, און א גענעראַל בעגלייט איהם אַלס אדיוטאַנט אויף זיינע בעזוכע צו מיניסטאָרען און אנדערע הויכע בעאַמטע.

דאָס מאָהל זיינען די פערהאנדלונגען צוגעגאַנגען זעהר ערנסט. אויף דעם סולטאַנ'ס בעפעהל זיינען די פערהאנדלונגען מיט הערצל געפיהרט געוואָרען דורך דעם גרויסוועזיר סאַאיד, אבערצערעמאָניענמייסטער איבראַהים בעי, און דעם סולטאַנ'ס ערשטען פּריוואַט־סעקרעטער, טאַחסין־בעי. דער סולטאַן ערהאַלט פון הערצל א פרישען ענטוואורף אויפ'ן פּאַפּיער. דער סולטאַן לאַדעט איין הערצל צום „סעלאַמליק“ (פרייטאגדיגע גאָטעסדיענסט אין דער מאָשעע). דאַן פערלאַנגט ער אז הערצל זאָל ברייננגען צו פּאַפּיער זיינע אונטעררעדונגען מיט דעם גרויסוועזיער און זאָל עס אליין לאָזען איבער־זעצען. דאָס דאָקומענט, וואָס ענטהאַלט אַלעס וואָס די בעוועגונג פערלאַנגט, ווערט אם 29טען יולי אָבגעגעבען אין פּאַלאַסט. הערצל פערלאַנגט די צו־שטימונג צו א אידישער קאָלאָניזאציאָן אין פּאַלעסטינא אָדער אין אַן אנדער טייל פון קליין־אזיען אויף א בעשטימטען שטח צוזאמען, אויף דעם יסוד פון א טשאַרטער. עס ווערן פון סולטאַנ'ס זייט אנדערע פּאַרשלעגע געמאַכט, און הערצל האָט פאַר זיך זעהר שווערע פראַגען צו ענטשיידען. דער סולטאַן איז גרייט צו לאָזען אידען קאָלאָניזירען אין פערשיעדענע טיילען פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע, אָבער ניט אַלע אויף איין שטח. הערצל איז גע־צוואונגען דיעזען פּאַרשלאַג צוריקצואווייזען, אַלס ניט איבעראיינשטימענד

מיט דעם באזעלער פּראָגראַם. אָבער די פערהאַנדלונגען ווערן ניט אין גאַנצען אָפּגעבראָכען. אבדול האַמיד פערזיכערט הערצל'ען נאָך אַמאָהל זיינע סימ־פּאַטהיען פאַר דאָס אידישע פּאָלק און די פערהאַנדלונגען געהען ווייטער אָן.

דערווייל מאַכען זיך אויך אַנדערע געלעגענהייטען. הערצל קריעגט די מעגליכקייט זיך צו שטעלען אין בעציהונגען מיט דעם ענגלישען מיניסטאָ־רען־קאַבינעט, און ל. י. גרינבערג פאַרטיגט אויס אין מאָנאַט אָקטאָבער א פּאָרשלאַג פאַר א לאַנד־קאָנצעסיע אויף דער סיני־האַלב־אינזעל.

## על־אַריש.

דער געדאַנקען ווערט פון מיניסטאָרען־קאַבינעט פריינדליך אָנגענומען, און די רעגיערונג דריקט אויס די האָפנונג צו איהר פערטרעטער אין עגיפּטען, לאָרד קראָמער, אז דער פּלאַן וועט פון איהם און די ראַטה־געבער פון זיינער האָהייט, קהעדיוו פון עגיפּטען, גענומען ווערן אין פריינד־ליכער בעטראַכטונג. די רעגיערונג פערלאַנגט, דאָס א קאָמיסיאָן פון פאַך־לייטע זאָל בעשטימט ווערן, וואָס זאָל אונטער־זוכען אויב דאָס לאַנד פּאַסט זיך פאַר קאָלאָניזאַציאָן אויף א גרויסען שטייגער. אויסגעשטאַט מיט עמפּ־פעהלונגען פון מיניסטער, לאָרד לאַנדסדאָון, געהט גרינבערג ענדע אָקטאָבער נאָך עגיפּטען. די עגיפּטישע רעגיערונג שטימט צו און שיקט א פערטרעטער אלס מיטגליעד אין דער קאָמיסיאָן.

אין אָנפאַנג פעברואר נעהט די קאָמיסיאָן ארויס נאָך על־אַריש. די קאָמיסיאָן בעשטעהט פון גאָלדסמיטה, קעסלער, אָסקאַר מאַרמאָרעק, סאַסקין, יאָפּע, פּראָפּ. לאָורענט, אינזשיניר סטיוועגס און מר. האַמפרי אלס רעגיערונגס־קאָמיסאַר. הערצל אליין איז אם 6טען יאַנואר דערווייל אַוועק נאָך לאָנדאָן, און האָט דאָרט פערהאַנדעלט מיט דער רעגיערונג און מיט לאָרד ראָטשילד. דערווייל איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרען די אַנגלאָ־פּאַלעסטיין קאָמפּאַני, אלס טאָכטער־אַנשטאַלט פון דער דזשואיש קאָלאָניאַל טראָסט.

און גרינבערג ארבייט דערווייל אויס די פּונקטען פון דער קאָנצעסיאָן אין קאַירא, עגיפּטען, מיט דער צושטימונג פון דער רעגיערונג, די אידען זאָלען האָבען זעלבסטפערוואַלטונג, מוניציפּאַל־רעכטע א. ד. גל., אויב דער בעריכט פון דער קאָמיסיאָן זאָל אויספאַלען גינסטיג. א זעהר גרויסער ענגליש־אידישער פינאַנסיער זאָגט צו גרויסע פינאַנציעלע שטיצע, אויב דער טשאַרטער פון דער ענגלישער רעגיערונג זאָל ערהאַלטען ווערן.

אָנפאַנג מערץ קעהרט די עקספּעדיציאָן צוריק מיט א גינסטיגען בעריכט

נאָך קאַאירא, און הערצל גערהט מיט גרויסע האָפנונגען נאָך עגיפּטען, אום פּערזענליך צו פיהרען די פערהאַנדלונגען מיט לאָרד קראָמער. ער האָט געטרוימט פון ריעזיגע אַרבייטען, פון דער לייזונג פון דער ארבייטער פראַגע פיר דעם נייעם שטאַאט, פון אויפבויען אַ שטאָדט ביים ברעג פון רויטען ים א. ז. וו. „פון די חלומות" האָט ער געשריבען צו װאַרבורג „װעלען מיר אויסוועבען אַ באָדען אויף וועלכען אונזער פוס צו שטעלען". די עגיפּטישע רעגיערונג איז געוועזן גענייגט צו דער אידעע פון ארויסגעבען אַ טשאַרטער.

דאָן אָבער האָט די עגיפּטישע רעגיערונג ערקלערט, אַז זי קען די קאָנ־צעסיאָן ניט געבען, ווייל זי קען ניט שפּאָרען גענוג וואַסער פון נילוס צו בעוואַסערען די פּעלוזינישע עבענע (ראַווינא) פון על־אַריש. און די פּעלו־זינישע עבענע איז דוקא די פיינסטע שטיק לאַנד פון על־אַריש. אָהן די פּעלוזינישע עבענע האָט די גאַנצע קאָנצעסיאָן קיין ווערטה. ווען די ברי־טישע רעגיערונג האָט ערפאַהרען פון דעם דורכפאַל פון דעם על־אַריש פּלאַן, האָט זי הערצל׳ען פאָרגעלייגט אַנדערע געגענדען פאַר אידישע קאָלאָניזאַציאָן.

הערצל האָט איבערגעלאָזען די פערהאַנדלונגען צו גרינבערג, און אַליין האָט ער בעשלאָסען צו מאַכען אַ רייזע נאָך רוסלאַנד. ער האָט אָנגעפאַנגען

**הערצל׳ס רייזע נאָך רוסלאַנד.**

איינצוזעהן אַז די האַלטונג פון דער רוסישער רעגיערונג איז איהם אַ שטערונג צו דער פּאַלעסטינא פּאָליטיק. און דערצו נאָך האָבען די בלוטיגע טעג פון קישינעוו ארויס־גערופען אין איהם דעם וואונש צו מאַכען אַ נעהענטערע בעקאַנטשאַפט מיט די אידישע מאַסען אין רוסלאַנד. אַנאַנדער אורזאַכע איז געוועזן, וואָס ער האָט מורא געהאַט אַז די רוסישע רעגיערונג זאָל ניט אָננעהמען קיין שטרענגע מאַסרעגלען געגען דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן. ער האָט שוין פריהער איינינע מאָהל בדעה געהאַט צו מאַכען אַ רייזע נאָך רוסלאַנד, האָט אָבער די רייזע אימער אויפגעגעבען, ווייל ער האָט עס געהאַלטען אונטער זיין ווירדע צו ערשיינען אין פּעטערסבורג אַנדערס אַלס דער ציוניסטישער פאָרשטעהער. אונטער דער מאַסקע פון אַנאַנדער אויסרייד האָט ער ניט געוואָלט. „איך קען דאָך ניט קומען אַהין ווי אַ רייזענדער וויין־אַגענט — האָט ער געזאָגט צו קאַצענעלענסאָהן — אָדער זאָל איך אפשר קומען אַהין אַלס רעדאַקטאָר פון דער „נייע פרייע פרעסע" ?

ענדליך איז עס געלונגען יאַסינאָווסקי׳ן אויסצו־ווירקען ביי פּלעהווע אַן איינלאַדונג פיר הערצל, אַזוי דאָס די פּאַספּאָרט־פראַגע איז פיר איהם פער־

ענטפערט געוואָרען. אם 5טען אויגוסט איז ער אָפּגעפאָהרען מיט קאָטצענעל־סאָהן איבער ווארשא נאָך סט. פּעטערסבורג. דאָס איז פּיעלייכט געווען „דער וויכטיגסטער שריט אין זיין לעבען“ — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט.

שוין די בעגעגענים מיט די ענגסטליכע, געדריקטע, איינגעשראָקענע אידען אויף די וואָקזאַלען האָבען איהם שרעקליך אויפגערעגט. ער ווערט בלאַס, און זיין בעגלייטער טוט אַלעס מעגליכע אום איהם צו צערשטרייען. מען האָט יא געוואוסט ווי נויטיג ער האָט זיינע כחות פיר ווייטערע ארבייטען, און ווי אָבגעשוואכט זיין הארץ איז שוין דאַמאָלס געווען אונטער די גרויסע אָנשטריינגונגען וואָס ער האָט געמאַכט פיר זיין פאָלק.

אין פּעטערסבורג איז הערצל פיער מאָהל עמפּפאַנגען געוואָרען פון פלעהווע. דיעזער איז, ווי בעקאַנט, געוועזען מיניסטער דעס איננערן, אָבער אין אמת׳ן איז ער געווען דער הערשער פון רוסלאַנד, און האָט אויך געפיהרט די אויסלענדישע פּאָליטיק. אויך פינאַנס מיניסטער וויטע, מיניסטער פון לאַמסדאָרף און דער דע־פּאַרטמענט־שעף הארטוויג האָבען איהם עמפּפאַנגען. דער הארטוויג איז אויך געווען פּרעזידענט פון דער קייזערליכער רוסישער פּאַלעסטינא־געזעל־שאַפט, וועלכע איז כלומרשט בעשעפטיגט אין פּאַלעסטינא מיט וויסענשאפט־ליכע אונטערזוכונגען, האָט אָבער באמת פּאָליטישע צוועקען אין אויג, און דערפאַר איז ער אַ זעהר איינפלוסרייכע פּערזענליכקייט. הערצל מאַכט אויף זיי אַלע אַ פּאַרטרעפליכען איינדרוק. אַ גאַנצע מענגע פון פּאָליטישע פראַגען ווערט בעשפּראָכען זעהר אויספיהרליך, און הערצל׳ען געלינגט צו איבערצייגען פלעהווע, אַז עס ליעגט אין׳ם אינטערעסע פון דער רוסישער רעגיערונג צו העלפען דעם ציוניזמוס אַנשטאַט איהם צו שטערען. דער רעזולטאַט פון די בעשפּרעכונגען איז געלייגט געוואָרען שריפטליך פאַר׳ן צאַר. פלעהווע ערקלערט, אַז דער ציוניזמוס וועט געפינען מאָראַלישע און אויך מאַטעריעלע אונטערשטיצונג פון דער זייט פון דער רוסישער רעגיערונג, אויב ער וועט פּאָליטיש ווירקען, אויסערהאַלב רוסלאַנד, צו שאַפען אַ אידישע קאָלאָניזאַציאָן אין פּאַלעסטינא און וועט אונטערנעהמען צו אָרגאַניזירען די אויסוואַנדערונג פון אַ געוויסער צאָהל אידען אויס רוסלאַנד נאָך פּאַלעסטינא. אויב אָבער די בעוועגונג זאָל אָבטרעטען פון דעם וועג, און זאָל נאָר פּראָ־פּאַגאַנדירען אַ אידיש־נאַציאָנאַלע צוזאַמענהאַלטונג אין רוסלאַנד, דאַן קען דאָס פון דער רעגיערונג ניט געדולדעט ווערן; ווייל אַזאַ פּראָפּאַגאַנדא

הערצל ביי פלעהווע.

ענטפרעמדעט זיי פון דעם רוסישען פּאַטריאָטיזמוס און קען זיין שעדליך צום שטאַאַט. אויב אָבער דאָס אַלטע פראָגראַם זאָל אויפגענומען ווערן — דאָס הייסט, צו קאָלאָניזירען אידען אין פּאַלעסטינא אָהן אַ אידיש־נאַציאָנאַלע פּראָפּאַגאַנדאַ אין רוסלאַנד גופא — דאַן וועט די רוסישע רעגיערונג פּראָטעזשירען די ציוניסטישע פאָרשטעהער ביי דער אָטאָמאַנישער רעגיערונג, וועט ערלייכטערן די טהעטיגקייט פון די אויסוואַנדערונגס־גרופּען, און פון דער אידישער קאָראָבקע וועט די רעגיערונג אַזעלכע אויסוואַנדערער פערהעלפען.

אם 12טען אויגוסט האָט פלעהווע געשיקט צו הערצל אַ בריעף, אויף הערצל'ס פערלאַנגען, אין וועלכען דאָס אַלעס איז קלאָר אַרויסגעזאָגט געוואָרען.

אין אמת'ן האָט די רוסישע רעגיערונג זעהר ערנסט געמיינט דאָס וואָס פלעהווע האָט אַרויסגעזאָגט. די רוסישע רעגיערונג האָט ווירקליך אָנגעפאַנגען צו ווירקען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל פאַר הערצל'ס פּלענער. דאָ איז געקומען דער אונערוואַרטעטער טויט פון הערצל, און דאָס אַלעס איז בטל געוואָרען.

**פלעהווע'ס האַלטונג.** אין אַלגעמיינעם זיינען די אַלע זאַכען שוין גענוג בעקאַנט, אָבער וועגען די איינצעלהייטען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די אונטעררעדונגען האָט הערצל אימער פערשוויעגען. וועגען דעם וואָס ער האָט צו פלעהווע גערעדט איבער די ביטערע לאַגע פון די אידען האָט ער אויסגעמיעדען צו ריידען. עס איז נאָך פיעלייכט היינט אויך ניט צייט צו פערעפענטליכען געוויסע פאַקטען; אָבער אַזוי פיעל מעג מען זאָגען, אַז הערצל האָט דאַמאָלס געוואונען איינינע ערלייכטערונגען וועגען וואוינרעכט פון רוסישע אידען, און האָט געקראָגען אַ פערשפּרעכונג פון מיניסטער עטוואָס אין דער זאַכע צו טאָן צו גונסטען פון די אידען.

וויטע האָט הערצל'ען פערשפּראָכען צו ערלויבען די גרינדונג פון צווייגען פון דער אידישער באַנק אין רוסלאַנד. אָבער וויטע איז אַ קורצע צייט דערנאָך אַראָפּ פון זיין מיניסטער־שטעלע און פון זיין פערשפּרעכען איז נאַטירליך גאָר ניט געוואָרען. הערצל ווערט דאָרט אויך אויפגענומען פון אַ זעהר הויכע פערזענליכקייט. אינמיטען לאָזען זיך הערען די ביטערע אַנ־

גריפע פון דער אָפּאָזיציאָן אונטער די רוסישע ציוניסטען. און די הויכע פערזענליכקייט, מיט וועלכער הערצל שטעלט זיך אין פערבינדונג, ווייזט איהם אָן אויף דיזע אָפּאָזיציאָן אלס אויף דעם בעסטען סימן, אז די אידען זיינען פּאָליטיש ניט צייטיג פיר זעלבסטרעגיערונג, און דאָס זיי בעגרייפען ניט, דאס אזא בעוועגונג ווי די ציוניסטישע קען נאָר ערדייכען איהר ציעל דורך די קראפט פון איינינגקייט. הערצל ענטפערט דארויף מיט גרויס חכמה: „אויך געגען קאָלאָמבוס האָט די מאנשאפט רעוואָלטירט אויף דעם שיף; אבער ווען אמעריקא איז געקומען פאר די אויגען האָט מען אלע שטרייטיגקייטען פערגעסען. איך פערזיכער, אז אין דעם אויגענבליק, וואס מיר דערזעהען „דאָס לאַנד" זיינען מיר אלע איינינג".

די הויכע פערזענליכקייט, מיט וועלכער הערצל האָט גערעדט, איז גע־ווען שטארק גערוהרט פון דער תשובה, און האָט זיך געשטעלט גרייט הערצל צו העלפען.

און די איינוועגדונג, וואס יענע הויכע פערזאן האָט געהאט געגען די בעוועגונג — די אונאיינינגקייט פון די אידען אליין — איז ליידער געווען ניט אָהן א גרונד. הערצל'ס טהעטיגקייט האָט אין יענע מאָנאטען ארויס־גערופען שטאַרקע אנגריפע אויף הערצל, און פיעלע פון יענע אנגריפע זיי־נען ליידער געווען צו פערזענליך. הערצל האָט פאראויסגעזעהען, אז דיזע אנגריפע וועלען זיך שטאַרקען. אחד־העם'ס ביטערע קריטיק אויף אַלט־ניי־לאַנד האָט הערצל'ען זעהר געקרייגקט, ווייל אחד העם האָט ניט ריכטיג אויפגעפאסט הערצל'ס אבזיכטען מיט דעם ווערק. וואָס הערצל איז אויסען געווען מיט דעם ווערק איז געווען נאָר פארצושטעלען וואס מען קען ערדייכען אין צוואנציג יאהר. דערמיט האָט ער געוואלט געווינען די צווייפלער, און דערפאר האָט ער בענוצט נאָר בעקאנטע פערזאנען און צושטענדע, צו וויי־זען דאָס מיט דעם מאטעריאל, וואס מען האָט, קען מען די נייע קולטור אויפבויען. אחד העם האָט עס ניט פערשטאַנען און האָט דאס בוך קריטי־קירט אלס ניט־אידיש, און האָט אויף דעם אופן — ווי הערצל האָט דאמאָלס געגלויבט — פערניכטעט אין זיין קרייז דאס אנזעהן פון דעם פיהרער, וואָס איז אזוי נויטיג צו דער בעוועגונג. זיין שמערץ איבער דעם האָט הערצל אויסגעדריקט אין א בריעף צו נאָרדאו.

**פּאָליטישע אנגריפע אויף הערצל.**

פיעל שווערער נאָך האָט הערצל געפיהלט די פּאָליטישע אנגריפע, וואס זיינען געגען איהם גע־מאכט געוואָרען, און וועלכע האָבען זיך פער־שטארקט צוליעב הערצל׳ס רייזע צו פּלעהווע. שוין פריהער האָבען לייטע פּרובירט חוזק מאכען פון הערצל׳ס ארבייטען, ווייל, ווי זיי האָבען געזאגט, האָבען זיי צו קיינע רעזולטאטען געפיהרט. דאס זיינען אבער מייסטענס געווען לייטע אויסערהאלב דער בעוועגונג, גראדע יענע אידען, וואס האָבען זיך ענטזאגט איהם צו געבען א פּרוטה פיר די דורכפיהרונג פון זיין שווע־רער ארבייט; הגם דיזע חוזק־מאכער האָבען גאנץ גוט געוואוסט דאס אפילו דער בעסטער רייטער קען ניט זיעגען אין רענען (רייסעס), ווען מען גיט איהם א הינקעדיג פערד צום רייטען.

איצטער אבער איז די מרידה געוואקסען אין אייגענעם לאגער. די רייזע צו פּלעהווע, ווען מען האָט בעשולדיגט אין אָרגאניזירען דעם קי־שינעווער פּאָגראָם, איז אויפגעהויבען געוואָרען אלס א פאָרוואורף צו דעם מאן ,וועלכער האָט אוועקגעלייגט די כחות צו פערבעסערען די לאגע פון זיי־נע ברידער. דער געשריי, אז מיט אזא מאן, ווי פּלעהווע דארף מען קיין עסקים ניט האָבען, איז געווען ניט קלוג. פעלקער אין אונגליק דארפען זיך ניט ווייזען אזוי האָפערדיג, אזוי עמפּפינדליך אין פּונקט פון עהרע. גרעסערע און שטארקערע פעלקער, וואס האָבען זיך בעסער געקענט וועהרען אלס אי־דען, האָבען זיך געמוזט בייגען. און דערביי האָט מען פערגעסען, אז הערצל איז ניט געגאנגען נאָך רוסלאנד אום צו פערהאנדלען מיט דעם מענשען פּלעהווע, זאנדערן מיט דעם רוסישען מיניסטער. וועלכער האָט געהאט צו בעשטימען איבער דעם שיקזאל פון מיליאנען שוואר־בעדריקטע אידען, מיט דעם פיהרער פון דער פּאָליטיק פון א מעכטיגער אימפּעריע, וואס איהר איינ־פלוס האָט זעהר פיעל געשטערט צו דער ארגאניזירונג פון פּאָלקסהילפע פיר ארץ ישראל. גראדע נאָך קישינעוו איז אזא בעזוך דאָפּעלט נויטיג געווע־זען.

**דער תוך פון הערצל׳ס פּאָליטיק**

די רייזע צו פּלעהווע, וועלכע הערצל האָט בע־טראכט פאַר איינעם פון זיינע גרעסטע ערפאָלגען, צייגט קלאָר דעם מהות פון הערצל׳ס פּאָליטיק אין נעגענזאץ צו אנדערע שטרעמונגען אין דער בעוועגונג.

ביי איהם איז דער עיקר געווען ניט די שאפונג פון א „גייסטיגען צענ־טער“, וואס זאל דערהאלטען דאָס יודענטום, און זאל משפיע זיין אויפ׳ן גלות; אויך איז ביי איהם ניט געווען וויכטיג די פּראקטישע קליינע אר־בייט, דורך וועלכע דער אדער יענער זוכט זיך צו העלפען. ער האָט גע־שטרעבט צו דער שנעלער און אלעס־ארומנעהמענדער ערלייזונג פון דעם גאנצען פּאָלק, אדער מינדערסטענס פון די ערלייזונג פון דער ליידענדער מעהרהייט פון פאָלק, דורך פּאָליטישע פערהאנדלונגען. ער האָט גאנץ גוט געוואוסט דעם ווערטה פון פּראקטישע ארבייט אויך, און האָט איינגעזעהן איהר נויטווענדיגקייט. ער האָט אונטערהאנדעלט וועגען דעם אנקויף פון גרויסע געשלאָסענע שטרעקען לאנד, האָט אונטערשטיצט די „גאולה“, (וואָס מען רופט ביי אמעריקאנער ציוניסטען „אחוזה“), האָט זיך געפרייט איבער דעם ערפאָלג פון דער העברעאישער שפּראכע. ער שטימט פיר שטיצע צו דער נאציאָנאל־ביבליאָטעק און פיר דאס גימנאזיום אין יאפא. אבער דאס זיינען פיר איהם נור פרטים, וועלכע שטעלען נאָך ניט צוזאמען דעם תוך פון דער בעוועגונג, אויב די בעוועגונג זאל געהן איהר גראדען וועג. די קול־טור־בעוועגונג האָט איהם אויסגעוויעזען צו זיין א פערפיהרטע און ניט־מיושב׳דיגע בעוועגונג, ניט ווייל ער האָט זי ניט פערשטאנען, זאנדערן ווייל ער האָט איינגעזעהען, אז זי וועט אנמאכען שטערונגען, אי פון אינעווייניג, אי פון דרויסען. ער האָט מורא געהאט פאר פּאָליטישע שוויעריגקייטען אין די גלות־לענדער, ווייל ער האָט געגלויבט, אז אן אָרגאנישע (ד. ה. וואס וואקסט נאטירליך ארויס פון פּאָלק) אידישע קולטור איז נאָר מעגליך אויף א אידישען באָדען, און אויף א פרעמדען באָדען, אין גלות, איז זי אומנאָר־גאניש (ניט צוזאמענגעוואקסען גרינדליך מיט׳ן פּאָלק) און איז אונמעגליך. די קאָלאָניזאציאָנס־חברות, און די הילפע, וואס די קליינע קאָלאָניזאציאָן גיט צו איינצעלנע מעמבערס, האלט ער פיר וויכטיג, אבער ניט גענוג וויכ־טיג, אז ער זאל דערצו אפּגעבען זיין לעבען. דאס איז נאָר וואהלטעטיגקייט, צדקה, און ווען אפילו דאָס זאָל ווער ווייסט פיעל געלד צוזאמענבריינגען, קען זי ניט פארענטפערען די יודענפראגע. די אידישע קאָלאָניזאציע אין אר־גענטיניען האָט ער בעטראכט ווי א מין קעניגליכע קברים־שטיבעל פאר באראָן הירש. וואָהלטעטיגקייט איז א גוטע זאך, אָבער נאָר צו העלפען יחידים. וואהלטעטיגקייט צו א גאנצען פּאָלק איז פּאָליטיק. דאס איז די צדקה, וואס דערהויבט א נאציאָן; די וואָהלטעטיגקייט, וואס א פּאָלק טוט

צו זיין אייגענעם אינטערעס איז די פּאָליטיק פון פּאָלק. עס איז ניטאָ א פּאָליטיק, וואס זאל ניט בעצוועקען בעסער צו מאכען, וואס זאל ניט זיין דורכגעדרונגען מיט א כוונה פון צו טהאָן גוטעס דעם כלל. הערצל וויל העלפען דעם פּאָלק, ניט דעם לאנד אליין. ער וויל העלפען דעם פּאָלק אין זיין לאנד. ער, אלס פיהרער פון דער בעוועגונג, וויל העלפען, און איהם איז גאנץ גלייך, אויב אין דער שטרעבונג צו זיין הויכען ציעל מוז ער בעגעגענען פערזאנען ווי פלעהווע און זיי רייכען די האנד. ער שטרעבט צו הויכע ציע־לען, און דארף זיך ניט לאָזען צוריקהאַלטען דורך בטלן׳ישע ישוב־הדעת׳ן. דעריבער פערשווייגט ער אלעס, וואס ער האָט יא אויפגעטהאָן אין רוסלאנד, און לאָזט די שרייער און די קריטיקער מאכען גוואַלדעס און געהן געגען איהם, נאָכדעם ווי זיינע ארבייט האָט פאר זיי געשאפען אן עפענטליכע בימה און האָט זיי געגעבען בעדייטונג. ער האָט ניט געוואלט זיך פערטיי־דיגען; די פערטיידיגונג וואלט פיעלייכט איהם פּערזענליך גענוצט, וואָלט אבער געקענט שאדען דער בעוועגונג.

מען האָט הערצל׳ען בעשולדיגט אין יאָגען זיך נאָך כבוד, מען האָט איהם פאָרגעוואָרפען, אז ער זוכט נאָר שנעלע ערפאָלגען. געוויס איז הערצל געווען עהרגייציג, אבער נאָר אין נאָבעלסטען זינן פון וואָרט. ער האָט פערלאנגט אנערקענונג, אבער ניט פון זיין דור. „כבוד בעשטעהט ניט אין דעם בייפאל פון דער מאַסע" — פלעגט ער זאגען — „זאָנדערן אין דעם אורטייל פון דער געשיכטע, וואס גרעסער א מענש איז, אלץ לייגגער קען ער וואַרטען ביז מען וועט איהם פערשטעהן, ווען דאס זאל אפילו קומען אין א גאנץ לאנגע צייט ארום". זיין עהרגייץ איז בעשטאנען אין דעם וואונש צו קענען בעשטעהן פאר דעם ריכטער־שטוהל פון שפּעטערע דורות; אבער צו האנדלען מיט איבערראיילונג כדי צו געווינען כבוד און ערפאָלג גלייך אויף דער האנד — דאס איז איהם פרעמד געווען. אָבער דאס שנעלע האנדלען האָט ער נויטיג געהאט פאר זיין פּאָלק. ער האָט די שנעלע ערפאָלגען געזוכט, ווייל דאס לעבען פון זיינע ברידער איז איהם טייער געווען, און ווייל זייער לעבען איז אונערטרעגליך געווען. און נאָך א טעם האָט ער געהאט: ער האָט געוואוסט אז ער מוז זיך רעכענען מיט זיינע לעבענס־יאָהרען, און דאָס ער וועט ניט גאנץ לאַנג קענען העלפען. דאָס ערשטע רוסישע וואָרט וואָס ער האָט ערלערענט איז געווען „סקאָריי!", שנעלער. ער האָט געוואוסט אז ער מוז זיך צואיילען. און ער האָט עס געטהאָן אָהן

איינזעהענים פאר זיך. ווען ער פאהרט 28 שטונדען אין פוסטערטאל אום צו האבען א דריי־שטונדיגע אונטעררעדונג מיט וואמבערי, און ווען ער פליהט פון קאסטאנטינאפאל נאך לאנדאן, און שניידט דורך איידאפא הין און צוריק, אהן א שיעור, טהוט ער עס צוליעב דעם שטארקען צוואנג וואס די פליכט לייגט ארויף אויף איהם, און פאר וועלכען ער איז גרייט איינצו־שטעלען זיין לעבען אום זיין שליחות צו ערפילען.

**הערצל׳ס בעזוך אין ווילנא.**

אויף זיין ריקרייזע פון פעטערסבורג בעזוכט הערצל די ליטווישע הויפט־שטאדט, ווילנא; דען ער וויל דאס פאלק זעהן און מיט זיי בעקאנט ווערען. שוין זיין אנ־קומען אליין האט אין ווילנא ארויסגערופען אן אונבעשרייבליכע בעגייסטע־רונג. זיין קבלת־פנים איז געווען אן אמת קעניגליכער. א שווארצע, אונ־דורכדרינגליכע מאסע האט איהם ערווארטעט און האט זיך מיט לעבענס־געפאהר געשטופט דורך די ענגע געסלעך. די פאליציי האט איהם געבעטען ער זאל אבשטייגען אין א האטעל אויף דער ברייטער גאס, כדי עס זאל ניט קומען צו אן אונגליק דורך דאס דרענגען זיך פון עולם. ביי זיין בעזוך אין צדקה גדולה (קהל־הויז) גיט מען איהם אלס מתנה א ספר תורה, „דאס הייליגסטע און טהייערסטע וואס די געמיינדע בעזיצט". ווען דער אלטער גרויער רב ווינשט איהם מיט דער „ברכת כהנים" אים נאמען פון דעם גאט וואס רוהט אין ציון, ברעכט די גאנצע פערזאמלונג אויס אין שלוכצען. די ליידען און דער יאמער פון א גאנצען פאלק מאכט ציטערען די הערצער פון די ארומשטעהענדע, און מישט זיך מיט דעם געפיהל פון דאנקבארקייט און ליעבע פאר דעם מאן, אויף וועלכען זיי לעגען אזוי פיעל האפנונגען.

געקומען איז ער צו זעהן דאס וואכעדיגע לעבען פון פאלק, אבער די גוואלטיגע אויפרעגונג פון דער מענשען־מאסע האט עס אונמעגליך געמאכט. עס איז אויך אונמעגליך געווארען פאר איהם צו בעזוכען די ווילנער שוהל און אנדערע אנשטאלטען, ווי ער האט געהאט בדעה. ער מוז זיך בעגוגענען מיט בעזוכען אייניגע הייזער ביי דעם דארף ווערקי ביי ווילנא. אנגעזעהענע ציוניסטען האבען דארט געמאכט פאר איהם א באנקעט. דאס עלענד וואס ער האט זיך אנגעזעהן אין ווילנא האט איהם אין גאנצען צובראכען, אבער נאך מעהר האט איהם געפייניגט די טעמפע גלייכגילטיגקייט, וועלכע שטעלט זיך צופריעדען מיט אזא דלות ווי עטוואס זעלבסט־פערשטענדליכעס, אקוראט ווי עס וואלט בעדארפט אזוי צו זיין.

ביי זיין אַבריזע פון ווילנא האָבען זיך אָפּגעשפּיעלט ווילדע סצענען. אַבגעפאַהרען איז ער האַלב־דריי אוהר פאַר־טאָג, און דאָך האָבען טויזענדער אידען בעלאַגערט די גאַסען אַרום באַהנהויף. דער ווילנער אידישער עולם האָט געוואָלט וואַרפען אַ בליק כאָטש אויף די צוגעמאַכטע קאַרעטע, וועלכע האָט געפיהרט דעם גרויסען גאַסט צום באַהנהויף. די פּאָליציי, וועלכע האָט זעלטען געזעהן אַזאַ אויסברוך פון אויפרעגונג און געפיהל, איז געווען מיסטעריאיש און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. דער פּאָליציימייסטער האָט אַרויסגערופען קאָזאַקען, וועלכע האָבען צוטריעבען דעם עולם מיט נאַגאַיקעס, און צוזאַמען מיט די אויסרופען פון „הידד!“ „יחי הערצל!“ האָבען זיך צוזאַמענגעמישט די שמערץ־געשרייען און די קרעכצען פון די געשלאָגענע און אַרונטערגעדיטענע. הערצל האָט געזעהן ניט נאָר דעם דלות, זאָנדערן אויך די גאַנצע אכזריות פון אַ ברוטאַלער פּאָליציי.

בלאַס, און שרעקליך אויפגערעגט, איז הערצל אַריין אין וואַגאָן פון שנעלצוג, וועלכער איז נאָך אימער געווען אַרומגערינגעלט פון גרויסע מאַסען, ניט קוקענדיג אויף די ברוטאַליטעט פון דער פּאָליציי. גראַדע היינט האָבען די ווילנער אידען דערפיהלט זייער הילפלאָזיגקייט שטאַרקער ווי אימער. און דאָ געזעגענט זיך מיט זיי דער רעטער, דער העלפער, וואָס מיהט זיך אַרויסצופיהרען זיי פון פינסטערניס און פערצווייפלונג אין דאָס פערשפּראָ־כענע לאַנד, פון גלות צו פרייהייט.

ווי אַ בייזער חלום האָט דיעזער שרעקליכער אַנבליק געשוועבט אַרום הערצל'ס געדאַנקען, וועהרענד דער צוג האָט געיאָגט דורך די רוסישע עבענע (ראַווינינא) צום גרעניץ־צו. ער האָט זיך פון איהם ניט געקענט פריי מאַכען, און ער האָט אימער ווידער און אויף דאָס ניי געלעזען דעם בריעף וואָס ער האָט אין סט. געאָרג האָטעל, אין ווילנא, ערהאַלטען אויס ענגלאַנד.

**דער אוגאַנדאַ־פּאַרשלאַג.** דער בריעף איז געווען געשריעבען פון סער קלעמענט הילל, דעם שעף פון דעפּאַרטמענט פון ענגלישע פּראָטעקטאָראַטס אין אויסלענדישען אַמט, און איז אַדרעסירט געווען צו מר. גרינבערג אין לאָנדאָן. מר. גרינבערג האָט עס צוגעשיקט צו הערצל נאָך ווילנא. דיעזער בריעף האָט בעאיינפלוסט די קורצע צייט פון זיין לעבען וואָס הערצל האָט נאָך צוגעבראַכט אונטער די לעבעדיגע.

די פערהאַנדלונגען, וועלכע גרינבערג האָט געפיהרט מיט דעם וואַרימען פריינד פון דער בעוועגונג, מיט דעם קאָלאָניאַל־מיניסטער טשעמבערליין,

האָבען געבראַכט אַזוי ווייט, דאָס מר. גרינבערג האָט דורך טשעמבערליין פאָרגעלעגט דעם מיניסטער לאַנדסדאָון דעם נוסח פון אַ טשאַרטער אויף אַ טעריטאָריע אין אָסט־אַפריקאַ. די טעריטאָריע וועגען וועלכער עס האָט זיך געהאַנדעלט ליעגט צווישען נאַיראָבי און דעם „נאַו עסקאַרפּמענט", ביי דער אייזענבאהן וואָס פיהרט פון מאָמבאַסאַ צום וויקטאָריא־זעע. דאָס איז אַ שטיק היבש לאַנד וואָס פּאַסט זיך פאַר אייראָפּעאישע קאָלאָניזאַציע. מר. טשעמבערליין האָט דיעזעס שטיק לאַנד פּאָרגעלעגט, און די רעגיערונג האָט געגעבען איהר צושטימונג, בתנאי אַז די עקספּעדיציע, וואָס וועט אַרויסגעשיקט ווערען דאָס שטיק לאַנד צו בעזעהן, זאָל ברענגען אַ גינסטיגען בעריכט. די רעגיערונג איז געווען גרייט צו געבען די אידען וואָס וועלען זיך דאָרט בעזעצען „פאָלשטענדיגע פרייהייט צו מאַכען זייערע אייגענע לאָקאַלע געזעצע פאַר די אינערע פערוואַלטונג, רעליגיעזע אי בירגערליכע. אַ אידישער בעאַמטער זאָל שטעהן אַן דער שפּיצע פון דער פערוואַלטונג".

דיעזען פּאַרשלאַג, וואָס איז געקומען נאָר פון דער נאָבעלער געזינונג פון ענגלאַנד אנטקעגען די אידען, האָט טהעאָדאָר הערצל געלעגט פאַר דעם זעקסטען קאָנגרעס, וואָס איז געווען אַזוי רייך אין פּאַסירונגען, און וואָס איז אויך געווען דער לעצטער אונטער דעם איינפלוס פון דעם לעבעדיגען הערצל. דיעזער קאָנגרעס איז צוזאַמענגעקומען אין באַזעל אַם 23טען אויגוסט, 1903. אָבער גלייך אין דער ערעפנונגס־רעדע האָט הערצל געגעבען צו פערשטעהן, אַז דאָ האַנדעלט זיך נאָר וועגען אויסהעלפען דאָס אידישע פאָלק דורך קאָלאָניזאַציאָן; אַז דאָס אידישע פאָלק האָט קיין אַנדער ענדציעל אין אויג אויסער פּאַלעסטינאַ, און זיינע אנשויאונגען וועגען דאָס לאַנד פון אונזערע אָבות בלייבען די זעלביגע; אָבער דאָס דער קאָנגרעס זאָל געפינען מיטעל צו בענוצען זיך מיט דעם נאָבעלען פּאַרשלאַג פון ענגלאַנד. דען עס איז נויטיג די א י צ ט י ג ע לאַגע פון דעם אידישען פאָלק צו בעסערען און צו פערלייכטערען, ניט אָפּפערענדיג קיינע פון די פרינציפּען אויף וועלכע די ציוניסטישע בעוועגונג איז געגרינדעט. „ציון איז דאָס געווים ניט, און קען דאָס ניט ווערען" — האָט הערצל געזאָגט — און מיר ווילען צו אונזערע מאַסען ניט געבען דעם סיגנאַל אהין צו וואַנדערען."

אַזוי האָט הערצל געזאָגט אין זיין ערעפנונגס־רעדע, אָבער ניט ער האָט די פאָרמע צו דעם אויסדרוק געוועהלט. אין דער פּאַרפערזאַמלונג, פאַר דעם קאָנגרעס, האָט הערצל פאָרגעלעזען זיין ערעפנונגס־רעדע, און איבער

די ווערטער האָט מען לאַנג דעבאַטירט. מען האָט אין פאָראויס געפיהלט וואָס פאַר אַ שטורם דיעזער פאָרשלאַג וועט ארויסרופען ביי'ן קאָנגרעס.

אונטער די דעלעגאַטען איז ארויסגעוואקסען אַ גוואַלטיגע אָפּאָזיציע צו דעם פאָרשלאַג. דער קאָנגרעס איז צוטהיילט געוואָרען אין צוויי פאַרטייען, און עס איז געקומען צו גוואַלטיגע דראמאַטישע סצענען. מען האָט געפאָדערט פון הערצל ער זאָל בעסער אָנגעהמען דעם פאָרשלאַג פון על־אריש, וואָס איז גוט פאַר קאָלאָניזאַציע, און זאָל צוריקווייזען דעם אוגאַנדא־פאָרשלאַג וואָס ליעגט אין גאַנצען ווייט אַוועק פון דעם באַזעלער פראָגראַם. מען איז איהם חושד, אַז ער וויל פאַלעסטינאַ אין גאַנצען אויפגעבען, הגם ער האָט ווידער און ווידער בעהויפּטעט, אַז ער האלט זיך פעסט אָן ארץ ישראל.

**דער זעקסטער באַזעלער קאָנגרעס**

גרינבערג האָט געזוכט קלאָר צו מאַכען פאַר'ן קאָנגרעס די אַבזיכט פון הערצל אין עמפפעהלען דעם פאָרשלאַג פון דער ענגלישער רעגיערונג, מיט די ווערטער: „דער וועג נאָך פאַלעסטינאַ איז ניט דוקא אַלע מאָל אַ געאָגראַפישער וועג; דער פּאָליטישער וועג דאַרף אויך גענומען ווערען אין בעטראַכטונג", מיינענדיג דערמיט, דאָס איינמאָל אונטער דעם שוץ פון ענגלאַנד וואָלט אַ אידישע קאָלאָניע פיעל געקענט אויפטהאָן צו געווינען ענגלאַנד'ס גרויסען איינפלוס פאַר אַ אידישע פאַלעסטינאַ. און נאָרדאַו, וועלכער איז אין בעראַטהונגס־צימער פון אַקציאָנס־קאָמיטע ניט געווען גאַנץ צופריעדען מיט דעם אוגאַנדא־פּלאַן, האָט פון דעסטוועגען צוליעב געטהאָן הערצל'ען און געהאַלטען זיין בעריהמטע רעדע וועגען דעם „נאַכטאַזיל" (דאָס הייסט אַ פּלאַץ דערוויילע וואו זיך אַ נאַכט אויסצורוהען ביז עס וועט טאָג ווערען), און אין וועלכער ער האָט געזאָגט: „דאָס ציעל בלייבט אימער דאָסזעלבע. דאָס ציעל הייסט ציון. מיר שטעהען אויף דעם באַזעלער פראָגראַם. מען קען אונז פיעלייכט די פיס אונטערהאַקען; מען קען פיעלייכט דורך אייסערע געוואַלט צושטערען דאָס באַזעלער פראָגראַם. קיינער וועט אונז אָבער מיט גאַנצע פיס, און לעבעדיג, אַוועקרייסען פון באַזעלער פראָגראַם. אַזוי זאָגען מיר אייך. און איהר ענטפערט אונז: „מיר האָבען זעהר פיעל פערטרויען צו אייך, און דערפאַר גלויבען מיר, אַז איהר ווילט געווים אַוועקגעהן פון באַזעלער פראָגראַם".

אָבער דאָס האָט דעם שטורם ניט בערוהיגט. דער פאָרשלאַג צו שיקען אַן עקספּעדיציע נאָך אוגאַנדא צו אונטערזוכען איז אָנגענומען געוואָרען,

אָבער ניט אָהן גוואַלטיגע אויפרעגונג. די אָבשטימונג וועגען דעם פּאָר־שלאַג צו שיקען אַן עקספּעדיציע האָט צוטהיילט דעם קאָנגרעס אין צוויי מחנות: „יאַ־זאָגער" און „ניין־זאָגער". די לעצטערע האָבען זיך אויך א נאָמען געגעבען „ציוני ציון". דעמאָנסטראַטיוו האָבען די
„ציוני ציון".
לעצטערע פערלאָזען דעם זאַאַל. פיעלע פון זיי זיינען צו־זאַמענגעבראָכען וויינענדיג, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אַז ציון ווערט אויפ־געגעבען. הערצל איז טיעף ערגריפען געוואָרען פון דעם אויסברוך פון פער־צווייפלונג, און ער איז נעגאַנגען אין די פערזאַמלונג פון די „ציוני ציון", וועלכע האָט אָנגעהאַלטען א גאַנצע נאַכט. ער האָט געוואוסט זיי צו בע־רוהיגען, און זיי צו בעוועגען צוריקצוגעהן אין זאַל פון קאָנגרעס.

אין דער שלום־רעדע — די לעצטע ווערטער וואָס הערצל האָט גע־שפּראָכען אין דער עפענטליכקייט — זאָגט הערצל: „דאָס באַזעלער פּראָ־גראַם איז ניט פערלאָזען געוואָרען אויף קיין איינציגע שטונדע און מיט קיין איינציגען געדאַנקען. דאַרף איך אייך ברענגען גאַראַנטיען דערפאַר? דאָס איז פיעלייכט דאָס ערשטע אונבעשיידענע וואָרט, וואָס איך רייד פון דיעזען פּלאַץ, וואָס מען וועט מיר קענען פּאָרוואַרפען: איך אַליין בין דער ערב (גאַראַנטאָר), אַז אין דעם באַזעלער פּראָגראַם, אין וועלכען איך אַליין האָב מיטגעאַרבייט, וועט קיין זאַך ניט געענדערט ווערען... „ווען איך אָן דיך פערגעס, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנד פערדאַרען..." און הערצל האָט עס געזאָגט אין העברעאיש: „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני!", און דער שטורם פון בעגייסטערונג וואָס האָט דאַן אויסגעבראָכען לאָזט זיך מיט ווערטער ניט שילדערען.

גלייך נאָכ'ן קאָנגרעס איז ער איינגעלאַדען געוואָרען צום גראָסהערצאָג פון באַדען, וועלכער האָט זיך פון הערצל געלאָזט בעריכטען וועגען אַלעם וואָס איז פאָרגעקומען ביי'ן קאָנגרעס, און האָט ארויסגעוויעזען זעהר פיעל אינטערעסע.

אם 28טען אויגוסט האָט די „טיימס" געבראַכט א דעפּעשע פון לאָרד דעלאַמער, אין נאָמען פון די ענגלענדער וואָס לעבען אין דעם אוגאַנדאַ־פּראָטעקטאָראַט, אין וועלכער עס ווערט שטאַרק פּראָטעסטירט געגען די איינוואַנדערונג פון „אונגעווינשטע פרעמדע", און די עפענטליכע מיינונג פון ענגלאַנד ווערט אויפגעפאָדערט צו פּראָטעסטירען.

**צוזאַמענפאַל פון אוגאַנדאַ פּלאַן.**

די ענגלישע רעגירונג הויבט אָן צו קווינקלען און ווייזט אָן וועגען ווייטערע פערהאַנדלונגען נאָך מאַמ־באַסאַ. הערצל בעט גרינבערג׳ן ער זאָל ווידער מאַכען פאַרשטעלונגען ביי דער ענגלישער רעגירונג, דאָס אַנשטאַט אָסט־אַפריקאַ זאָל מען געבען די קאָנצעסיע אויף על־אַריש מיט דער ערלויבניס צו בענוצען דעם טייך נילוס פאַר די בעוועסערונג פון דער פּעלוזיום־עבענע (דאָס איז די געגענד וואָס זאָל קאָלאָניזירט ווערען). גרינבערג ענטפערט איהם, אַז ער האָט אַ טעות אויב ער דענקט, דאָס די ענגלישע רעגירונג האָט בדעה צוריקצוציהען איהר פאָרשלאַג. דערווייל קעהרט אוסישקין צוריק פון פּאַ־לעסטינאַ און פערעפענטליכט אָן אָפענעם בריעף צו די דעלעגאַטען פון זעקסטען קאָנגרעס, מיט דער ערקלעהרונג, דאָס מיט דעם בעשלוס אַרויסצו־שיקען אַן עקספּעדיציע נאָך אוגאַנדאַ האָט זיך דער קאָנגרעס אָבגעזאָגט פון פּאַלעסטינאַ. נאָר די יעניגע וואָס זיינען צו פיעל „פערבלענדעט פון דיפּלאָמאַטיע און פּאָליטיק־טרייבעניש“ האָבען עס ניט בעמערקט. ער וועט מיט אַלע קראַפט זיך מיהען צו פערהינדערען די דורכפיהרונג פון דעם בעשלוס.

דיעזער בריעף האָט געמאַכט אַן אויפרוהר און האָט אויפגעהויבען די אָפּאָזיציע געגען הערצל און נאָרדאַו, און געגען דעם אוגאַנדאַ־פּלאַן צום העכסטען פונקט. אַ ברענענדיגער צייטונגס־קאַמפּף האָט אָנגעפאַנגען. אין רוסלאַנד האָט אויסגעבראָכען אונטער די ציוניסטען אַ היסטערישע אויפ־רעגונג. אַ האַלב־פערריקטער פאַנאַטיקער, לובאַן ביי׳ן נאָמען, האָט אויף דעם חנוכה־באַל אין פּאַריז אין זאַאַל שאַראַס, אָבגעפייערט צוויי קוילען אויף נאָרדאַו. דערביי האָט ער אויסגעשריען: „מאָר אַ נאָרדאַו אַפרי־קאַנזי!“ (טויט צו נאָרדאַו, אַפריקאַנער!) נאָרדאַו איז געבליעבען אונ־בעשעדיגט.

**די חאַרקאָווער קאָנפערענץ.**

קורץ נאָכדעם איז די אידישע עפענטליכקייט איבער־ראַשט געוואָרען מיט דער נאַכריכט, דאָס אַ גרויסע צאָהל דעלעגאַטען פון קאָנגרעס האָבען זיך פערזאַמעלט ביי אַ קאָנפערענץ אין חאַרקאָוו און האָבען בעשלאָסען צו געבען הערצל׳ען אַן אולטימאַטום (אַ לעצטע התראה). דיעזעס אולטימאַטום האָט ענטהאַלטען אַ היבשע צאָהל פאָדערונגען בנוגע צו דער אינערער ווי צו דער אויסערער פּאָליטיק. אונטער די פּונקטען איז אויך געוועזן דיעזער, דאָס אין בעצוג

אויף דעם אָסט־אַפריקא פּלאַן מוז הערצל פערשפּרעכען, דאָס ער וועט קיינע אַנדערע טעריטאָריען ניט פאַרגעשלאָגען אויסערהאַלב פּאַלעסטינא און סיריען; דאָס דער פּראָיעקט פון אָסטאפריקא זאָל ארונטערגענומען ווערען פון טאָגעס־אָרדנונג; דאָס ער זאָל צוזאַמענרופען דאָס גרויסע אַקציאָנס־קאָמיטע איידער די עקספּעדיציאָן ווערט ארויסגעשיקט נאָך אָסט־אַפריקא; אַז די עקספּעדיציאָן זאָל ניט ארויסגעשיקט ווערען איידער די באַנק־סטאַטוטען ווערען געענדערט; און דאָס ער זאָל אויפנעהמען די ארבייטען אין פּאַלעס־טינא לויט דעם בעשלוס פון צווייטען קאָנגרעס אונטער די אַנדערע נאָהענט־ליעגענדע פּראַקטישע ארבייטען. דיעזע ערקלעהרונגען מוז דר. הערצל שריפטליך געבען אין דער פאָרם פון א בריעף אָדער פּראָטאָקאָל. פאַר דעם פאַל אַז הערצל זאָל דיעזע פאָדערונגען צוריקווייזען, זיינען אָנגענומען געוואָרען געוויסע קאַמפּף־מיטעל, ווי צום ביישפּיעל: ניט שיקען דעם שקל נאָך וויען, פּראָטעסטען אין דער פּרעסע, אַגיטאַציאָנס־רייזען איבער אייראָפּא און אמעריקא, צו בערופען אַן אָפּאָזיציאָנס־קאָנגרעס פאַר דעם זיעבענטען קאָנגרעס. א דעפּוטאַציע צוזאַמענגעשטעלט פון ראָזענבוים, טעמקין און בעלקאָווסקי זאָל הערצלען איבערבּרענגען דאָס אולטימאַטום, און נאָך זייער צוריקקעהרען זאָלען אָנגענומען ווערען ווייטערע בעשליסע.

ווען דער מאָרד־פּערזוך אויף נאָרדאָו, און די חארקאָווער בעשליסע זיינען בעקאַנט געוואָרען דורך די פּרעסע, האָט זיך אין ציוניזמוס אויפ־געהויבען א גוואַלטיגע פּראָטעסט־בעוועגונג. מען האָט געפיהלט, דאָס אַזא קאַמפּף ווי עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען פון חארקאָוו קען צו גרונדע ריכטען די גאַנצע בעוועגונג. א מענגע צושריפטען פון „יאַ־זאָגער“ ווי פון „ניין־זאָגער“, וואָס האָבען אויסגעשפּראָכען זייער פערטרויען צו הערצל, זיינען ערהאַלטען געוואָרען. אין רוסלאַנד גופא האָט זיך געבילדעט א קאָמיטע צו שטיצען די בעוועגונג געגען די חארקאָווער. דאַגעגען אין לאָנ־דאָן האָט גאַסטער געמאַכט אַן אַנגריף אויף הערצל.

**הערצל ביי׳ן קעניג פון איטאַליען.**

אין דער צייט וואָס ער איז פון אינעווייניג אַזוי בעדרענגט געוואָרען פון געגנער, האָט הערצל פון דעסטוועגען פּרובירט אונטערהאַנדלען וועגען די גרינ־דונג פון א צווייג פון דער אידישער באַנק אין ניו יאָרק, האָט ווידער בענייט די אונטערהאַנדלונגען מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל אויף אַן ערנסטען אופן, ווערט

אויפגענומען אין אוידיענץ פון קעניג פון איטאליען און פון פאפסט, און ארבייטעט אהן אויפהער.

די אונטעררעדונג פון קעניג וויקטאר עמאנועל II מיט הערצל האט געדויערט א שטונדע און האט זיך בעצויגען הויפטזעכליך אויף פאלעסטינא. דער קעניג האט בעטאנט, דאס ער פיהלט א געוויסע פעראכטונג געגען אידען, וואס שעהמען זיך מיט זייער אבשטאמונג. אין זיין לאנד זיינען אלע גלייכבערעכטיגט און ער אינטערעסירט זיך זעהר פאר דיעזער אלטער ראסע, וועלכע ענגט מיט אזא פעסטקייט אן זייער אלטען לאנד. דער אנבליק פון די אידען ביי'ן כותל מערבי האבען אויף איהם געמאכט אן איינדרוק, וואס ער קען ניט פערגעסען. דער ציוניזמוס האט זיין גאנצע סימפאטיע. דאס לאנד איז שוין זעהר אידיש געווארען און מען האט זיך דארט שוין געשאפען א פעסטען באדען. ער אליין וועט פארבערייטען זיין מיניסטער דער אויסערן אנגעלעגענהייטען אויף הערצל'ס בעזוך.

שפעטער האט דער קעניג אויסגעדריקט גרויס בעוואונדערונג פאר די פערזאן פון הערצל.

אם 20טען יאנואר איז הערצל אויפגענומען געווארען פון פאפסטליכען שטאאטס-סעקרעטער, קארדינאל מערי דעל וואל. געגען די איינווענדונג דאס אזא בעוועגונג קען פיעלייכט שטערען דער קירכע, האט הערצל אנגע־וויזען אויף דעם ריין־פאליטישען כאראקטער פון דער בעוועגונג, און דאס די פלעצער וואס זיינען הייליג ביי די קריסטען קענען געשטעלט ווערען אלס עקסטרא-טעריטאריאל, דאס מיינט אז דיעזע פלעצער זיינען פרעמדע טעריטאריען, אזוי, למשל, ווי א געזאנדשאפט פון א פרעמדער מלוכה אין יעדען לאנד. „מיר ווילען נאר די „וואכעדיגע“ ערד פאר אונזערע נויט־ליידענדע בריעדער“ האט הערצל איהם געזאגט. מערי דעל וואל האט גע־געבען די פעדזיכערונג, דאס דער קארדינאל-קאלעגיום וועט די זאך געגוי בעטראכטען, און האט הערצל'ען אויף פערשפראכען אן אוידיענץ ביי'ן פאפסט. הערצל איז פון פאפסט אויפגענומען געווארען אם 25טען יאנואר. אויך ביי'ן פאפסט האט הערצל פערזוכט צו געבען זיין ארגומענטן געגען די איינווענדונגען פון דער קירכע.

אזוי האט הערצל געארבייט. „איך בין אימער אין געשעפט“ — האט ער געזאגט אין א געשפרעך מיט דר. פרידעמאן אין וויען — „ווען איך וואך אויף אום פיער אדער פינף אין דער פריה, דענק איך גלייך וואס איך האב

באלד צו טהאָן. עס איז א שרעקליכע פעראנטוואָרטליכקייט. עס מאכט מיך גאנץ מיעד. אָבער א גוטעם פערד שטאַרבט אין האָמוט."

אָבער ביסלעכווייז האָט די שווערע ארבייט, די זאָרג, דאָס שטענדיגע רייזען, דאָס קעמפּפען, אָנגעפאנגען צו ווירקען אויף הערצל'ס געזונד. זיין הארץ איז געווען אָנגעגריפען, און זיינע פריינדע האָבען צוגעזעהן מיט אנגסטען ווי אזוי זיין צושטאנד פערשלימערט זיך. אָבער אלע ביטען, אז ער זאָל ווענינגער ארבייטען און זאָל שאָנעווען זיין געזונד האָבען ניט גע־האָלפען.

זיינען די אנגריפע, וועלכע זיינען געמאכט געוואָרען געגען הערצל, געווען בערעכטיגט? האָט הערצל ווירקליך געהאַט בדעה צו אָפּפערען פּאַ־לעסטינא און צו עררייכטען אין אוגאנדא א יודענשטאאט? זיינע אבזיכטען קען מען אם בעסטען פעסטשטעלען פון זיין קאָרעספּאָנדענץ, אפילו פון די בריעף וואָס ער האָט געשריעבען פאַר דעם זעקסטען קאָנגרעס.

**הערצל'ס אוגאנדא פּלענער**

ווען טשעמבערליין האָט צוערשט אָנגעבאָטען אוגאנדא צו הערצל אַלס „א לאַנד וואו צוקער און בוימוואָל וואקסט, און וואו דער וייסער מאַן קען לעבען, א לאַנד בעסער אַלס ווילס", האָט זיך טשעמבערליין ארויסגעוויעזען אַלס אויפריכטיגער פריינד פון אידישען פאָלק. אזא אָנבאָט האָט ניט געקענט צוריקגעוויעזען ווערען אזוי אונטער'ן האנד. דאָס וואָלט געווען בעצאָהלט מיט א בעליי־דיגונג פאַר איינעם'ס אמת'ע גוטסקייט. און פאַר אַלעם איז הערצל'ען איינגעפאַלען, אפשר קען דאָך נאיראָבי ווערען א הילפע דערוויילע פאַר עטליכע צעהנדליגע טויזענדע — פון די הונגעריגע און עלענדע וואָס ער האָט אין רוסלאנד געזעהן.* און דיעזע קאָלאָניסטען — אזוי האָט הערצל

*) ביי דער זיצונג פון אַקציאָנס־קאָמיטע, ביי וועלכער עס איז וויעדער שלום געוואָרען מיט די חאַרקאָווער, אין אַפּריל 1904, אין וויען, האָט הערצל אין זיין איינלייטונגס־רעדע געזאָגט:

„מיין פּערזענליכער שטאנדפּונקט אין דער זאך איז געווען און איז, דאָס מיר האָבען קיין רעכט אַזאַ פאָרשלאג איינפאך צוריקצואווייזען, פון טיש ארונטער־צושליידערען, ניט אָנפרעגענדיג ביי'ן פאָלק אויב זיי ווילען דאָס אָדער ניט. דעם

געגלויבט — וועלען מיט דער צייט זיך אויסבילדען צו אַ שטאַם פון דיפּ־ציפּלינירטע און ערפאַהרענע פּלאַנצער וואָס וועלען גוט צוניץ קומען פאַר די צייט ווען דער טשאַרטער וועט עררייכט ווערען פאַר פּאַלעסטינאַ.

נאָך אַ צווייטער געדאַנק האָט איהם בעאיינפלוסט צו גונסטען פון דעם אָנבאָט: דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס דער געדאַנק פון אַ יודענשטאַאַט איז אינטערנאַציאָנאַל אָנערקענט געוואָרען, און דער ציוניזמוס איז ערנסט בעטראַכט געוואָרען פון אַ גרויסער רעגיערונג אַלס אַ „שטאַאַטס־בילדענדע מאַכט", און קריעגט אויף דעם אופן דעם שטעמפּעל פון ענגלאַנד'ס הסכמה. נאָכדעם ווי אַ טשאַרטער וועט אַרויסגעגעבען ווערען פון ענגלאַנד אויף דאָס נאַיראָבי־לאַנד, קענען דאָך „טשאַרטערד קאָמפּאַניעס" מעגליך זיין אויך אין אַנדערע שטאַאַטען, אין אַרגענטיניען, אַמעריקאַ, פּיעלייכט טריפּאָלים. (און אין זיין בעשפּרעכונג מיט'ן קעניג פון איטאַליען האָט הערצל ווירקליך גערעדט פון דער מעגליכקייט צו בעזעצען אידען אין טריפּאָלים). דאָס זאָלען אַלץ זיין נעסטען, און קראַפט־סטאַציאָנען, אָנצוזאַמלען כחות און פאַרבערייטען זיך פאַר די וואַנדערונג נאָך פּאַלעסטינאַ ווען די צייט וועט קומען. דאָס וואָלט ערלייכטערט די צוקונפט. „אונזער וועג נאָך ציון וועט מוזען געפּלאַסטערט זיין מיט טשאַרטערס" — האָט ער געשריעבען צו נאָרדאַו. מען וועט ניט מעהר דאַרפען ציטערען, טאָמער וועט

פאַרשלאַג ווייל איך ניט בעצייכענען מיט דעם פּיעל־בעשטריטענעם וואָרט „נאַכט־אַזיל", נאָר איך וועל זאָגען אַז דאָס איז אַ שטיק ברויט.

איך, וועלכער האָט פּיעלייכט זעמעל צום עסען, האָב ניט דאָס רעכט צוריק־צואווייזען אַ שטיק ברויט וואָס ווערט מיר אָנגעבאָטען פאַר אַ הונגעריגען, מעהר ניט דערפאַר וואָס איך וויל עס ניט, אָדער ווייל איך דאַרף עס ניט. איך וועל פּיעלייכט זיין ענטציקט און בעגייסטערט ווען דער הונגעריגער וועט צוליעב דעם אידעאַל, אַפילו אין נויטה און הונגער ענטפערן: „ניין, מיר ווילען אַזאַ שטיק ברויט ניט האָבען". אָבער איך בין מחויב צו שטעלען די פראַגע. דאָס איז מיין איבערצייגונג, אַז דאָס איז געווען און איז אונזער פליכט, און דערביי בין איך געבליעבען. און ביי דעם פּונקט, וועלכען איך האַלט פאַר ריכטיג, און זעהר וויט פון אויטאָקראַטיש און מעשה־קאַפּריז, נאָר גראַדע פּאָלקאָמען פּאָלקסמעסיג, דעמאָקראַטיש און בערעכטיגט — ביי דעם פּונקט בין איך געבליעבען, און יעדע האַנדלונג מיינע וועט עס בעווייזען.

די קאלאניזאציאן אויף א גרויסען מאסשטאב אין פאלעסטינא ניט געלינגען, ווייל די קאלאניסטען וואס וועלען זיך האבען ערווארבען ערפאהרונג און א נישקשה׳דיגען מצב, וועלען זיך דאך קענען בעזעצען אין ארץ ישראל אהן געפאהר. דאס וועט זיין אן אומגעקעהרטעס ענגלאנד אין א קליינעם פאר־מאט. (דאס מיינט: ענגלאנד שיקט איהרע קינדער פון מוטערלאנד צו קאלאניזירען, מיר וועלען שיקען פון די קאלאניען צום מוטערלאנד — דער איבערזעצער). דיזער היסטארישער אנפאנג אין אסט־אפריקא איז פא־ליטיש א „ראשון לציון“. פאלעסטינא אבער איז דער הויפט־ציעל.

דאס איז געווען דער געדאנקען־גאנג פון הערצל. ניט אויף איין אויגענ־בליק איז איהם איינגעפאלען א רעיון פאלעסטינא אויפצוגעבען, און ער האט אויך גאר קיין גרונד געהאט צו מאכען אזא פעהלער. אדרבה, ער האט געזוכט אויסצונוצען דעם אוגאנדא־פראיעקט אלס ארגומענט אין קאנסטאנ־טינאפאל. ענגלאנד׳ס אנבאט האט געדארפט בעווייזען אבדול חאמיד, דאס ער איז גאר ניט אזא יחסן מיט זיין פאלעסטינא. עס זיינען דא אויך אנדערע לענדער, און דעריבער מעג ער פאר די פינאנציעלע הילפע וואס מען גיט איהם ארויסגעבען א טשארטער פאר ארץ ישראל.

און זאל זיך ווייטער ארויסשטעלען, אז דאס לאנד אין אסט־אפריקא איז ניט גוט, און די עקספעדיציע זאל ברענגען אן אונגינסטיגען בעריכט, האט מען יוצא געווען אנטקעגען די ענגלישע רעגיערונג, און מען קען פיע־לייכט דאך נאך פועל׳ען, אז די ענגלישע רעגיערונג זאל נעהמען אין בעטראכט די קאסטען פון דער עקספעדיציע, און דערפאר ערלויבען די בענוצונג פון נילוס־וואסער פאר על־אריש.

דאס איז געוועזען הערצל׳ס פלאן פון אנפאנג אן, און דאס איז זיין פלאן געבליעבען. אנצוהערעניסען דערפון געפינען זיך געגוג אין זיינע רעדען אויף דעם קאנגרעס, בעזאנדערס אין זיינע רעדען צו די לאנדסמאנ־שאפטען און צו די „ניין־זאגער“. אבער זיינע בריעף — בעזאנדערס די וואס ער האט געשריעבען צו נארדאו נאך פאר דעם קאנגרעס — און זיינע פריוואטע ערקלעהרונגען צו זיינע פריינדע אין דער צייט פון קאנגרעס און נאכ׳ן קאנגרעס, לאזען קיין צווייפעל ניט איבער.

די אפאזיציע האט עס אונמעגליך געמאכט דיזע אבזיכטען דורכצו־פיהרען. שוין אין מיטען נאוועמבער האט די ענגלישע רעגיערונג געגעבען גרינבערג׳ען צו פערשטעהן, דאס אזוי ווי אין ציוניסטישען לאגער גופא איז

פאַראַן אַן אָפּאָזיציע, קען די רעגיערונג איהר אָנבאָט ניט אויפרעכט ער־האַלטען. זי האָט אָן אַנאַנדער שטיק לאַנד, אָבער דאָס ווערט צוריקגע־וויזען. הערצל וויל, אַז די רעגיערונג זאָל בעקאַנט מאַכען דעם דורכפאַל פון דעם אָנבאָט אין דער פאָרם פון אַ בריעף אַדרעסירט צו סער פראַנסיס מאָנטעפיאָרע, און אויף דעם אופן ברענגען די זאַך אין די עפענטליכקייט. מען האַלט זיך עצות ווי אַזוי די שריפט זאָל אָבגעפאַסט ווערען. דערווייל איז גרינבערג מודיע דעם אָפּיס פון אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען, אַז די ציוניסטישע בעוועגונג האַלט די ענגלישע רעגיערונג צו איהר פערשפּרעכען. דערווייל קען הערצל ניט בעקאַנט מאַכען דעם דערמאָנטען בריעף וועגען דעם דורכפאַל פון דעם פּלאַן, ווייל ער וויל ניט מען זאָל איהם חושד זיין אין דאָפּעלשפּיעל. אויך דער אַנגריף אויף נאָרדאַו אין זאַל שאַראַס אין פּאַריז האָט עס אונמעגליך געמאַכט דעם בריעף צו פערעפענטליכען, ווייל עס וואָלטען זיך געפונען לצים געננוג צו זאָגען, אַז הערצל האָט זיך דער־שראָקען, און האָט דעם פּראָיעקט געלאָזט פאַלען. צוליעב דיזע טעמים האָט דער אוגאַנדאַ־פּלאַן דערווייל ניט געקענט עפענטליך אויפגעגעבען ווערען, און אַלע בעמיהונגען זיינען נאָר דאַרויף געריכטעט געוואָרען צו קריגען די ערלויבניס אויף די בענוצונג פון נילוס־וואַסער פאַר על־אריש.

דער בעדויערנסווערטהער קאַמפּף מיט די „ניין־זאָגער“ געהט אַלזאָ ווייטער אָן, און די געמיטהער ווערען אַלץ קאָכיגער און הייסער, און הערצל ליידט דערפון זעהר פיעל.

אַלס די חאַרקאָווער דעפּוטאַציע איז געקומען נאָך וויען, האָט הערצל זיך ענטזאָגט צו ענטפערען אויף די פראַגען פון „אולטימאַטום“ און „האָט די חאַרקאָווער אַליין געזעצט אויף דער אַנקלאַגע־באַנק“. ער בעווייזט זיי, אַז נאָך אין נאָוועמבער האָט ער איינעם פון די חאַרקאָווער געטראָפען אין עדלאַך, און האָט איהם געלאָזט זעהן אַ בריעף, וואָס איז געשריעבען געוואָרען צו פּלעהווע נאָכ׳ן קאָנגרעס, און אין דעם בריעף האָט הערצל אויך אויסאַנדער־געזעצט זיינע פּאַלעסטינאַ־פּאָליטיק, און ניט מעהר ווי פון אוגאַנדאַ־פּאָליטיק, און ער ערקלעהרט עס אַלס אַ גרויסען טעות צו דענקען, אַז דער אוגאַנדאַ־פּלאַן שוואַכט אָפּ די בעוועגונג. און אויסער דעם איז דער אוגאַנדאַ־פּלאַן סיי ווי סיי אויפגעגעבען. דער אוגאַנדאַ־פּלאַן מאַכט אדרבה שטאַרקער די בעוועגונג, ווייל ער קען שאַפען קאָלאָניסטען און פערבעסערען די אויסערע לאַגע. קיין זאַך, זאָגט ער, האָט איהם אַזוי ניט ענטמוטהיגט און געקרענקט,

ווי דאָס וואָס מען זוכט איהם צו דערמאָנען, אַז ער דאַרף זיך האַלטען אָן דעם באַזעלער פּראָגראַם.

**די חאַרקאָווער דעפּוטאַציע.**

אַזוי מוז די דעפּוטאַציע ווידער פערלאָזען ווין. ענדליך ווערט דער אינערער טרויעריגער שטרייט אויס־געגליכען אויף דער זיצונג פון גרויסען אַקציאָנס־קאָמיטע פון עלפטען צום פופצעהנטען אַפּריל 1904. פינף טעג האָבען אָנגעהאַלטען די הייסע ויכוחים. זיי ענדיגען מיט שלום. ווידער און ווידער פער־לאַנגט מען פון הערצל פערזיכערונגען, דאָס ער וויל פּאַלעסטינאַ ניט אויפ־געבען, מען פאָדערט פון איהם בעווייזע, אַז ער אַרבייט פאַר ארץ ישראל. ער ענטפערט דאַרום מיט זעלטענער גדולה, הגם ער ווייס, אַז ער האָט הינטער זיך אַ גרויסע מערהייט, און מיט יענער גוטמוטהיגקייט און פריינד־ליכקייט, וועלכע נאָר דער שטאַרקערער קען אַרויסווייזען, זאָגט ער: „איך בין שטאַרקער פון אייך — דערפאַר בין איך פאַר שלום. איך ווייס, אַז ווען מיר שטרייטען, וועל איך זיעגען, דערפאַר וויל איך שלום“.

**דער שלום מיט די חאַרקאָווער.**

ענדליך זאָגט ער אַרויס אַ שטיקעלע בעקענטניס פון הארצען אַרויס, וועלכע איז דאָפּעלט ווערטהפאָל דערפאַר וואָס דאָס איז געווען צום לעצטען מאָל. „קיינער וואָלט מיר ניט געקענט מאַכען דעם פאָרוואורף, אַז איך בין דעם ציוניזמוס אונטריי געוואָרען, ווען איך זאָג: „איך געה נאָך אוגאַנדאַ“. איך האָב מיך אייך לכתחילה פאָרגעשטעלט אַלס „יודענשטאַאַטלער“, איך האָב אייך מיין וויזי־טען־קאַרטע אָבגעגעבען, און אויף איהר איז געשטאַנען: „הערצל, יודענ־שטאַאַטלער“. אין פערלויף פון דער צייט האָב איך פיעל געלערנט, האָב די אידען קענען געלערנט. מאַנכעס מאָל איז עס געווען אַ פערגעניגען. איך האָב אָבער אויך, מיינע העררען, אויסגעפונען, אַז די לייזונג פאַר אונז ליעגט אין פּאַלעסטינאַ. אין מיין בראָשורע „דער יודענשטאַאַט“ האָב איך געוואָלט האָבען אַ שטיק לאַנד. איך האָב געזאָגט: „פּאַלעסטינאַ אָדער אַרגענטיניען“. גלויבט ניט, אַז דאָס איז געווען נאָר אָפּאָרטוניזמוס (ד. ה. אַנצופּאַסען זיך פאַר יעדע געלעגענהייט וואָס קומט צו דער האַנד — איבערז.) אַ נייגונג צו „פּאָליטיזירען“ אָדער „דיפּלאָמאַט־זירען“. איך בין קיין אָפּאָרטוניסט! איך וואָלט מיך ביי מאַנכע לייטע פיעל פּאָפּולערער גע־מאַכט ווען איך וואָלט געזאָגט: „ניט פּאַלעסטינאַ זאָנדערן אַנאַנדער לאַנד“.

אַ רייכער איד האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „אַ שטאַאַט וואָלט געווען גאָר נישקשה, אָבער פאַר וואָס דווקא פּאַלעסטינאַ? דאָס קלינגט אַזוי אידיש!“ זיי האָבען מיר די שטיצע ענטזאָגט, וועלכע איך וואָלט געקענט קריגען, ווען איך וואָלט אין מיינע גערדאַנקען געווען אַפּאָרטוניסטיש. ווען איך זאָג איך, אַז איך בין ציוניסט געוואָרען און בין עס געבליעבען, און ווען אַלע מיינע בעשטרעבונגען געהען נאָך פּאַלעסטינאַ, האָט איהר אַלע אורזאַכען מיר צו גלויבען“.

הערצל זוכט פריעדען אום יעדען פּרייז, און ער עררייכט איהם. עס ווערט פאָרגעבראַכט אַ פריעדענס־רעזאָלוציע, און טשלענאָוו הויבט זיך אויף און ערקלעהרט, אַז „ער פיהלט זיך גליקליך וואָס ער האָט געוואונען די איבער־צייגונג, אַז דאָס אַקציאָנס־קאָמיטע און איהר פּרעזידענט בעמיהען זיך סיס־טעמאַטיש, ענערגיש און קלוג אין פּאַלעסטינאַ צו אַרבייטען“. אין וואַרימע ווערטער אונטערשטיצט ער דעם פאָרשלאַג, אויסצודריקען דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט פולעם פערטרויען.

**הערצל׳ס לעצטע קראַנקהייט.**

דער קאַמפּף איז צו ענדע און די אָרגאַניזאַציאָן איז וויעדער פעראייניגט. די טיילנעהמער אין דער קאָנ־פערענץ געהען אַהיים מיט בערוהיגטע געוויסענס, צו פרישער אַרבייט. אָבער פאַר דעם בעגרינדער און פעראייניגער פון דער בעוועגונג פאַנגט אָן דער לעצטער שווערער קאַמפּף, אין וועלכען ער בעגע־געגנט ענדליך אַ שטאַרקערען פון זיך, און ער פאַלט.

איייניגע טעג פאַר די פריעדענסבעשפּרעכונגען האָט הערצל נאָך געקענט יעדען טאָג רייזען פון עדלאַך נאָך ראַקס, אַ רייזע פון אָנדערטהאַלב שטונדען. אין דעם פריהמאָרגען נאָך דער בעשפּרעכונג האָט ער זיינע פריינדע איבער־געשראָקען מיט זיין אויסזעהן. דאָקטוירים האָבען געפונען אַ זעהר ניט־פרעהליכע ענדערונג אין די האַרץ מוסקעלן. נישט קוקענדיג דערויף האָט נאָך הערצל געוואָלט מאַכען אַ רייזע נאָך לאָנדאָן אַם 27טען אַפּריל, אָבער דאָס איז אונמעגליך געווען. אַם 3טען מאַי געהט ער זיך קורירען נאָך פראַנצענסבאַד.

**הערצל אין פראַנצענסבאַד.**

זיין האַרץ וואָס האָט אַזוי לאַנג געלי־טען דורך איבערמענשליכע אָנשטרענגונג און אויפּרע־גונג האָט אָנגעפאַנגען שוואַכער און שוואַכער צו ווערען. אַנפאַלען פון אַטהעם־נויט און שוואַכקייט האָבען צוריקגעקעהרט אימער

ווידער. דערביי האָט ער זיך קיינמאָל ניט געשאָנעוועט, אַזוי שנעל ווי עס האָט זיך נאָר געהאַנדעלט וועגען אַ מעגליכען ערפאָלג פאַר'ן ציוניזמוס.

אַם 9טען מאַי בעזוכט איהם קאַטצענעלסאָהן. הערצל האָט איהם געהאַט געשיקט נאָך לאָנדאָן צו געווינען דאָרט אַ געוויסע פערזענליכקייט פיר די זאַכע פון ציון. פון דאָרט האָט ער געזאָלט פאָהרען נאָך פעטערס־בורג. „צו וואָס זאָלען מיר זיך נאַרען — האָט ער געזאָגט צו קאַטצע־נעלסאָהן — ביי מיר איז עס שוין נאָך דעם דריטען גלעקעל. איך בין קיין טרוס און זעה דעם טויט רוהיג אָן, און נאָך מעהרער דערפאַר וואָס איך האָב די לעצטע יאָהרען פערבראַכט ניט אָהן נוצען... איך בין דאָך ניט געוועזען קיין שלעכטער משרת ביי דער בעוועגונג, דענקט איהר ניט אַזוי? עס איז קיין צייט מעהר ניטאָ פיר מחזקות... עס איז ביטערער ערנסט.“ און דאַן האָט ער אויסגעדריקט דעם וואונש אַז נאָרדאַו זאָל זיין זיין נאָכפאָלגער.

דעם נעקסטען פריהמאָרגען, אום האַלב זעקס אוהר, איז ער אריינגע־קומען אין צימער פון אַ פריינד, מיט אַ דיקען מאַנוסקריפּט אונטער'ן אָרעם. דאָס איז געוועזען אַ מעמאָראַנדום נאָך פעטערסבורג. דער טויטקראַנקער הערצל האָט אַ גאַנצע נאַכט אויף דעם געהאַט געאַרבייט, האָט עס געפיילט און געפוצט און האָט אָן שלאָף אין גאַנצען פערגעסען.

— אַזוי ווילט איהר געזונד ווערען? — האָט איהם קאַטצענעלסאָהן פאָרגעוואָרפען — איז דאָס אייער קור?

— יאַ, מיין פריינד, איהר האָט דאָך נעכטען געזעהן, מיר האָבען קיין צייט מעהר צו פערליערען. דאָס זיינען די לעצטע וואָכען אָדער טעג — מיר מוזען איילען!“ — אַזוי האָט הערצל געענטפערט.

זיינע בריעף וואָס ער האָט אונטער דער צייט געשריעבען צו זיין פרוי און קינדער זיינען געוועזען נאָך צערטליכער און מעהר דורכגעדרונגען מיט זאָרג פון זייערטוועגען ווי אימער. אָבער ער האָט אויך געטריעבען שפּאַס און געשריעבען מונטערע גלייכוועלטליך אין זיינע בריעף צו זיי, ניט צו לאָזען זיי מערקען אַז דאָס ענדע קומט. ער האָט געוואָלט האָבען אַ פריעד־ליכען געזעגנען זיך נאָך אַ לאַנגען קעמפּפען.

אין דעמזעלביגען קראַנקען צושטאַנד האָט ער צוריקגעקעהרט נאָך ווין. זיינע שמערצען זיינען געוואָרען אונערטרעגליכער, און זיינע כחות

האָבען איהם אָנגעהויבען פערלאָזען. אַם 3טען יוני רייזט ער מיט זיין פרוי און מיט קרעמענעטצקי נאָך עדלאַך, וועלכעס ער האָט זעהר ליעב. איידער ער פערלאָזט זיין היים ברייננט ער אין אָרדנונג זיינע פּאַפּיערען און בריעפע און איבער זיי פערדעקט ער מיט אַ בויגען פּאַפּיער אויף וועלכען ער שרייבט אויף אין ענגליש: „אין מיד אָוו ליין קאָם טו דעטה“, (אינמיטען לעבען געקומען צום טויט). די דאָקטוירים אין עדלאַכער הויף האָבען באַלד דער־זעהן אַז מען ברייננט אַ שטערבענדען. טראָץ אַלע ערוואַרטונגען, איז אין דער פרישער בערג־לופט, און ביי דער צערטליכער השגחה פון זיין פרוי, געקומען אַ קליינע בעסערונג אין הערצל׳ס לאַגע. ער פאַנגט ווידער אָן צו אַרבייטען, בריעף צו שרייבען, און קריעגט פרישען לעבענסמוט. מען קלערט שוין אפילו פון אַ רייזע נאָך האַמבורג אום צו פּרובירען אַ נייע קור. אָבער די בעסערונג האָט נאָר אָפּגענאַרט. אין פערלויף פון די פּאַרבערייטונגען צו אַ נייער ערצטליכער בעהאַנדלונג, אָדער צוליעב אַן ע־קעלטונג וואָס ער האָט געכאַפּט, איז אַם ערשטען יולי איינגעטרעטען ביי איהם אַ בראָנכיאַלקאַטאַר, וועלכער איז איבערגעגאַנגען אין אַ לונגענענטצינדונג. הערצל וויים קלאָר אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד ער איז. „גריסט מיר פּאַלעסטינאַ“ — זאָגט ער צו אַ קריסטליכען פריינד וואָס איז איהם געקומען בעזוכען — „איך האָב מיין בלוט פיר מיין פאָלק געגעבען“.

מיט אונגעדולד פערלאַנגט ער מען זאָל איהם ברייננען זיינע אינגערע קינדער און זיין מוטער. פון וועלכער מען האָט ביז איצטער געהאַלטען בסוד זיין ריכטיגען צושטאַנד, לויט זיין פערלאַנגען.

**הערצל׳ס טויט.**

אַם 3טען יולי, אין דער פריה, האָבען זיך בעוויעזען די ערשטע סמנים פון גסיסה. ער פאָדערט פון זיין דאָק־טאָר אַ פערשפּרעכען אויף זיין עהרענוואָרט, אַז ער וועט איהם ניט לאָזען שטאַרבען ביז זיינע קינדער וועלען קומען. דאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פערצווייפעלטע ראַנגלעניש צווישען איהם און דעם מלאך המות. ליעגענדיג איינגעוויקעלט אין וואַרעמע דעקען, טראָטץ דער גרויסער היטץ פון אַ יולי־טאָג, האָט ער נאָכאַנאַנד ערהאַלטען קאַמפאָר־איינשפּריצונגען און שטאַר־קונגסמיטעל, איהם צו האַלטען ביים לעבען. און ער ליעגט און לאָזט פון זיך קיין קרעכץ ניט הערען. ער איז מונטער, כאָטש עס פעהלט איהם אָטהעם און די שמערצען זיינען שרעקליך. זיין אייזערנער ווילען האַלט אפילו דעם

טויט צוריק. ווען זיין מוטער איז ענדליך געקומען, האָט ער זיך מיט איבער־מענשליכע קרעפטען אויפגעריכטעט אויפ׳ן געלעגער און האָט צוגערופען צו איהר: „דאָס איז שעהן, ליעבע מוטער, וואָס דו ביזט שוין דאָ. דו זעהסט גוט אויס. איך זעה ניט זעהר גוט אויס, אָבער עס וועט שוין בעסער ווערען."

נאָכדעם ווי ער האָט די מוטער און קינדער געקושט, האָט ער זיי ארויס־געשיקט, און איז ווידער צוזאַמענגעזונקען גאַנץ אָהן כחות. אפילו אין דעם אויגענבליק איז ער געווען פול מיט איינזעהעניש, מיט צארטגעפיהל, מיט זעלבסטבעהערשונג. נאָך איין מאָל זעהט ער זיין פרוי און איינינע פריינדע. דאַן איז דר. ווערנער געבליבען ביי איהם אליין. אום 5 אוהר נאָכמיטאָג האָט דר. ווערנער דערהערט אַ לייכטען זיפץ. טהעאָדאָר הערצל׳ס קאָפּ איז געווען געזונקען ניעדריגער אויף דער ברוסט און דער גרעסטער, דער עדעלסטער זוהן פון אונזער פאָלק איז שמערצלאָז איבערגעגאַנגען אין דאָס לאַנד פון פרידען, וואו עס איז ניטאָ קיין קאַמפּף און קיין נויט, ניט בעדריינגער און ניט בעדריינגטע. „גאָט צוברעכט די ווערקצייג מיט וועלכע ער בעדיענט זיך". האָט הערצל אליין געשריעבען אַמאָל. דאָס איז מקוים געוואָרען.

* * *

אם 7טען יולי, 1904, איז טהעאָדאָר הערצל אין וויען בעגלייט געוואָרען צו זיין אייביגער רוה פון אַ פיעלטויזענדקעפּיגער לויה, וואָס האָט יאָמערליך געוויינט. אין אַ גאַנץ פּשוט׳ען ארון, אָהן פּוטץ און אָהן בלומען, איז ער געפיהרט געוואָרען, אזוי ווי ער האָט פערלאַנגט. מעהר ניט די בלוי־ווייסע פאָהן, וועלכע איז מיט עטליכע יאָהר צוריק ארונטערגעהאַנגען פון באַלקאָן פון דער קאָנגרעס־געביידע אין באַזעל — דיזעלביגע פאָהן פאַר וועלכע די שווייצארישע פאָהן האָט זיך פערנייגט צום גרוס — די איז געלעגען איבער׳ן ארון, פערדעקט מיט שווארצער קרעפּע; די פאָהן אָן וועלכער ער האָט זיך פעסט־געהאַלטען מיט זעלטענער טרייהייט, און צו וועמעס עהרע און ריינהייט ער האָט זיך זעלבסט צום אָפּפער געבראַכט.

**הערצל׳ס בעערדיגונג**

אויף דעם שטילען דעבלינגער בית־עלמין רוהט ער לויט זיין לעצטען וואונש, ביי דער זייט פון זיין פאָטער יעקב, ביז מען וועט איהם אריבער־

פיהרען אין דאָס פערשפּראָכענע לאַנד, פיר וועלכעס ער האָט געקעמפּפט, אין די „ארץ אבותינו“.

* * *

**שלוסוואָרט.**

מיר האָבען גלייך אין אָנפאַנג פון דיעזער שריפט געציינט דאָס אונזער פאָלק האָט אין הערצל געפונען אַן אידעאַל־פיגור, א קוועלע פון בעגייס־טערונג, און א מוסטער נאָך וועלכען זיך צו בילדען, און וועמען די יוגענד איז בעמיהט נאָכצואהמען און פאָלגען זיין ביישפּיעל. און מיר פרעגען זיך אַם ענדע פון דער וואַנדערונג: מיט וואָס האָט זיינע פּערזענליכקייט בעוויעזען ארויסצורופען אזא אויסערגעוועהנליכע ווירקונג? דער הערצל וואָס געהט איבער אין דער געשיכטע איז א מענש פון וואונדערבאַרע מידות. אָבער דאָס אליין וואָלט ניט גענוג געוועזען אום צו ערקלערען פאַר וואָס ער לעבט אין יעדערן פון אונז, פאַר וואָס ער האָט זיך אויסגעבויט א שטיל קעמערל אין יעדערענס דענקען און פיהלען, און ער ווירקט דאָרט און שאַפט.

די אידעאַליסטען זאָגען, אַז דער העלד בעשטימט די געשיכטע פון פעלקער; די מאַטעריאַליסטען דענקען דאָס עקאָנאָמישע אורזאַכען בעשטי־מען די געשיכטליכע פּאַסירונגען. אין אמת׳ן זיינעןביידע אנזיכטען ניט ריכטיג. אמת טאַקע אַז אָהן געזעלשאַפטליכע אורזאַכען קען ניט זיין קיין אַנטריעב צו טהאַטען, און קיין בעדירפנים אין טהוער; אָהן געזעלשאַפט־ליכע אורזאַכען האָט אויך דער „העלד“ קיינע מיטעל אויפצוטרעטען אויף דער וועלט־ביהנע. אָבער אָהן די אויסערוועהלטע פּערזענליכקייט ווערט דער שטראָם פון פּאַסירונגען גאַנץ אָפט פערבלאָטיגט, און וואָס עס טליעט זיך און רייסט זיך צום שיין ווערט אָפט דערשטיקט אין דער דונקעלהייט.

עס איז דעריבער ניט ריכטיג אָנצונעהמען, אַז דאָס וואָס גרויסע מענער שאַפען, טהוען זיי עס נור צו ערפילען דעם ווילען פון די מאַסען. די אייגענאַרטיגקייט פון גרויסע מענער דריקט גיכער אויס דאָס שטומע בּיינקען פון דער מאַסע, און גיט איהם צו בעשטימטע קלאָרע פאָרמען. די מאַסע אליין אָבער בילדעט דאָס ערפאָרדערליכע מאַטעריאַל. די געגענזייטיגע ווירקונג פון גרויסען כלל אויף דעם עסקן, און פון דעם עסקן אויפ׳ן כלל, איז די היסטאָרישע פונקציאָן פון דער געזעלשאַפט.

ווען הערצל איז אויפגעטרעטען איז די צייט פאַר איהם געווען גרייט, און ער האָט ערפילט דאָס וואָס זי האָט פון איהם געפאָדערט מיט זיין מעכ־טיגען ווילען. ער האָט צו זיינע דיענסטען ניט געהאַט קיין הארמאַטען, קיינע אַרמעען, קיינע געלעהרענטע דיפּלאָמאַטען. ער האָט ניט געהאַט קיינע הויכקלינגענדע טיטלען וואָס זאָלען עפענען פאַר איהם די טירען פון רעגירענדע פּערזאָנען, און די גאָלד־קאַסטענס פון די רייכע זיינען פאַר איהם געבליבען פערשלאָסען. אַליין האָט ער געמוזט געהן זיין שווערען וועג, איינזאַם, אינערליך אייננזאַם, ווי יעדער אמת'ער גאון אויף דער וועלט. אָבער די כחות דערצו האָט ער געצויגען פון די שטאַרקע און גוטע אייגענשאַפטען פון זיין פאָלק'ס נשמה. זיין פּשוט'ע גרייטשאַפט צו ברייננגען אַלע אָפּפער, און זיין אונצערשטערבאַרער אָפּטימיזמוס, זיין „גם־זו־לטובה־נאַטור", זיינע אונגעהייערע ארבייטספעהיגקייט און שטאַרקייט, זיין פעסטער גלויבען אין דער צוקונפט פון זיין פאָלק, און פאַר אַלעם זיין אינערעס געפיהל פון אַן אויפגאַבע וועלכע ער מוז ערפילען — דאָס אַלעס צוזאַמען האָבען צונויפ־געשטעלט די פערקערפּערונג פון דעם גוטען קערנדיל פון אידישען פאָלק. ער איז געווען גרויס, ווי געטהע האָט אַמאָל געזאָגט, „ניט דורך ירושה, ניט דורך גליק, ניט דורך מאַכט, זאָנדערן דורך דאָס וואָס אין איהם ליעגט, און וואָס ליעגט אויך אין אונז". מיר האָבען געפיהלט, און דערפאַר האָט ער מיט אַזאַ געוואַלטיגען כח ערגריפען אונזערע הערצער.

טהעאָדאָר הערצל איז פון אונז אוועק. ער איז געשטאָרבען אַן דער ליעבע צו זיין פאָלק, איז געפאַלען אין קאַמפּף, ווייל צו דער דורכפיהרונג פון זיינע גרויסע שטרעבונגען האָט ער ניט געקענט געפינען די נויטיגע מיטעל. אָבער דער הערצל אין וועלכען מיר פיהלען זיך אַליין דערהויכט, און אין וועלכען דאָס יודענטום פון דער צוקונפט שפּיעגעלט זיך אָפּ — דער הערצל לעבט אַלס אַ גאַראַנטיע פון קינפטיגע נצחונות. ער לעבט אַלס דער אויסדרוק פון זיין ווילען ווי פון אונזער ווילען. אַלס עדות פון אַ ליידענדען און געמאַטערטען יודענטום, וואָס וויל לעבען און זיך אַליין בלייבען טריי... ער אַליין איז געוואָרען די פאָהן פון וועלכער ער האָט גערעדט צו באַראָן הירש, „די פאָהן מיט וועלכע מען פיהרט מענשען אפילו אין דאָס פער־שפּראָכענע לאַנד".

## הערצל — אינטים.

הערצל איז געווען א פלייסיגער בריעף־שרייבער. זיינע בריעף זיינען אימער שעהן, אינטערעסאנט און הארציג. פון דער גרויסער מאסע בריעף וואס ער האט געשריעבען, און וועלכע וועלען אמאהל געוויס ערשיינען אין א בעזונדערער זאמלונג, ווערען דא געדרוקט די צוועלף בריעף וואס זיינען כאראקטעריסטיש פאר זיינע בעציהונגען צו די פערשיעדענע פערזאנען און קרייזען, מיט וועלכע ער איז געקומען אין בעריהרונג.

## אַן גוסטאַוו ג. קאָהען אין האַמבורג.

1טער סעפּטעמבער, 1896.

זעהר געעהרטער הערר: —

בעסטען דאנק פאַר אייער בראָשורע. די געדאַנקען וועלכע האָבען מיך ערפרעהט אין אייער מאַנוסקריפּט, וועל איך גערן לעזען נאָך אַמאָל געדרוקט.

צו מיין פריינד זאנגוויל האָב איך אין לאָנדאָן איבערגעגעבען אייער גרוס, ווען ער איז געזעסען נעבען מיר ביי דעם באַנקעט וואָס דער מאַקאַבעענס קלוב האָט מיר געגעבען.

לאָזט אייך ניט פערפיהרען פון דעם וואָס די צייטונגען פערשווייגען אָדער זיינען מבטל. די אידעע געהט פאָרוועָרטס! וואו זי פאַלט צווישען די מאַסען צינדט זי. אין דערזעלביגער צייט ארבייט איך „אויבען", ד. ה. אין די רעגיערונגס־ספערען.

אויס קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו מען האָט פון מיר א גוטע מיינונג, האָב איך אין די לעצטע טעג ערהאַלטען גינסטיגע נאַכריכטען. די זאַך וועט זיך וואַהרשיינליך אזוי מאַכען, דאַס איך וועל די וועלט איבערראַשען מיט „א געשעהענעם פאַקט", און דאַן פרעגען: ווער געהט מיט?

עס איז א ריעזען־ווערק, פאַר וועלכע איך האָב צוערשט געהאַט שפּאָט, איצטער פריינדשאַפט, שפּעטער אונדאַנק — דאס וואָס איך האָב געהאַט, האָב, און וועל האָבען. אָבער איך בין ביי זיך פעסט, און איך טהו עס אייגענטליך נאַר ווייל עס טרייבט מיך פון אינוועניג, און איך מוז.

ווען אפילו איך ענטפער ניט יעדען פון אייערע פריינדליכע בריעף, מאַכען זיי מיר דאָך אַלע פיעל פערגעניגען.

מיט ציונס גרוס, אייער ערגעבענער

טה. הערצל.

## צו שמואל פינעלעס אין גאלאץ.

**וויען, 18טען יוני, 1897.**

האָכגעעהרטער הערר!

אייער בריעף האָב איך מיט גרויס אינטערעסע געלעזען. די צו־שטענדע אין רומעניען בעאָבאכט איך נאטירליך מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט, און איך דאנק אייך פיר יענע אויסקינפטע, וועלכע איך האָב נאָך ניט בעזעסען. עס שיינט אז איהר האָט מיינע פובליקאציאָנען (רעדען אין לאָנדאָן און אַנדערע ערטער) ניט געלעזען. איך לייג דאָ ביי די לעצטע, אייגענטליך די פאָרלעצטע, ווייל אין „דזשואיש וואָרקינגמען קלוב" אין לאָנדאָן איז נעכטען אָבגעהאלטען געוואָרען א גרויסער מיטינג אין וועל־כען איך האָב געלאָזט מאכען געוויסע ערקלערונגען. אם בעסטען איז, איהר זאָלט לעזען די „דזשואיש וואָרלד", צו וועלכער איך שיק צו אַלע מיינע מיט־טיילונגען.

אין אייער בריעף געפין איך וויכטיגע טעות'ן דאָרט וואו איהר רעדט פון ניט־רומענישע זאכען. בעזאָנדערס, דער מאן וועמען איהר דערמאָנט עטליכע מאָל מיט דאנק און פערעהרונג, קעמפפט מיט אַלע מיטעל געגען דעם נאציאָנאַל־אידישען פּלאַן. דאָס איז צו בעדויערען. איך קען איצט ניט אויספיהרליכער שרייבען וועגען דעם.

אייערע אידעען וועגען לאָטערי און אַנדערע זאמלונגען פון געלד קען איך ניט אָננעהמען. איך וועניגסטענס קען ניט און וועל ניט מיט אזעלכע זאכען מיך אָבגעבען; אונזער בעוועגונג האָט אָהן דעם גענוג פערלוימדער.

עס איז געוויס שווער צו מאכען א גרויסע אַגיטאַציאָן אָהן געלד, אָבער דאָס מוז געטאָן ווערען און עס ווערט געטאָן. איך קען אייך מיטטיילען די ערפרעהליכע בשורה, דאָס אונזער בעוועגונג געהט אַרום די ערד מיט וואַק־סענדער גוואַלט.

איהר דאַרפט דאָך וויסען, אַז איך בין געגען די „בשתיקה־איינוואַנ־דערונג" אין פּאַלעסטינאַ — דאָס וועט נאָר זיין די בעזעצונג פון א גייעם מין אַרמעניער צום אויסמאָרדען.

ניין, מיין פּלאַן איז איינפאַך: דאָס אידישע פאָלק צוערשט פערזאמלען אונטער דער נאציאָנאַלער פאָהנע אין די לענדער וואו זיי וואוינען איצטער, און אונטערהאנדלען מיט'ן טערק פאַר דער איינוואַנדערונג און אָפּמאַכען

וועגען גאראנטיען אויף אויטאנאמיע, און דערביי וועלען מיר זיך נאר צופריע־דענשטעלען מיט גוטע גאראנטיען.

אן איינלייטונג דערצו האב איך שוין געמאכט אלס איך בין אין יוני געוועזן אין קאנסטאנטינאפאל.

אויב איהר ווילט פון מיר קריעגען דאס בעפעהלסווארט פיר די חובבי ציון אין רומעניען, איז עס דיעזעס:

ארגאניזירט אייך, זאמעלט כחות און האלט אייך גרייט. פערשפרייט איבער רומעניען א נעץ פון פעראיינען, וועלכע זאלען אין אייער האנד זיך מאכען דעם צענטער. פיהרט איין אן אגיטאציאן דורך רייזענדע, מאכט אויס ליסטען פון אונזערע געזינונגסגענאסען, און לאזט מיר וויסען פון צייט צו צייט.

אויב איהר, אזוי גוט ווי די ציוניסטען פון אנדערע לענדער, ווילען זיך לאזען פון מיר פיהרען, וועל איך זעלבסטפערשטענדליך לאזען וויסען פון אלע וויכטיגע פאסירונגען.

מיט ציונס גרוס, אייער ערגעבענער

ט. הערצל.

## צו ווילי באמבום, אין בערלין.

אפריל 24, 1897.

זעהר געעהרטער הערר!

מיט שטוינען לעז איך די בעריכטיגונגען וועלכע איהר ווילט שיקען צו די אידישע צייטונגען. דאס וואלט דאך געווען אן אמת׳ע אפלייקענונג פון דער אנצייגע וואס איך האב מיט אייער וויסען פונאנדערגעשיקט. איך מוז אייך דעריבער דרינגענד בעטען, איהר זאלט דיעזע בעמערקונגען צוריקרופען, ענטוועדער איהר זאלט שרייבען, אדער ווען נויטיג טעלעגראפירען, צו די צייטונגען וואס האבען עס נאך ניט געדרוקט, אז זיי זאלען עס ניט דרוקען, אדער איהר זאלט לאזען דרוקען א צווייטע בעמערקונג (דארט וואו אייערע „בעמערקונגען" זיינען שוין אויפגענומען געווארען) זאגענדיג, אז איהר זייט ניט אויסען מיינע פאר־אנצייגע אפצולייקענען.

ווען איהר טהוט על ניט, וועל איך עס מוזען טהאן, און גלויבט מיר אז איך וואלט עס טהאן מיט הערצליכען בעדויערן, ווייל דאס וואלט געמיינט דאס ענדע פון אונזער געמיינשאפטליכע ארבייט. איך האב געלערענט צו שעצען דעם „מעין המתגבר" פון אייער אינטעליגענץ צו פיעל, אום ניט צו פיהלען שווער א שיידונג צווישען אונז.

די בייזוויליגע וועלען דורך אייער ערקלערונג סאי־ווי ניט געבראכט ווערען צום פערשטומען, נאר דער קאנגרעס וועט זיין קאמפראמיטירט.

דער קאנגרעס וועט אונטער אלע אומשטענדען אבגעהאלטען ווערען. אלע אינטריגען וואס ווערען פערזוכט געגען קאנגרעס פון א געוויסער זייטע וואס איז מיר גוט בעקאנט וועלען ניט נוצען.

וואס אייך אנבעטרעפט, איז מיר גענוג בעקאנט אייער פעסטע געזינונג און איבערצייגונגס־טרייהייט, אז איך זאל פון אייך מעגען ערווארטען, אז איהר וועט אייך ניט לאזען צוריקשרעקען פון אייניגע אנגריפע.

נאכדעם ווי איך וועל פון אייך האבען ערהאלטען די געווינשטע צוריקרופונג פון די פערשיקטע בעמערקונגען אייערע, מיט וועלכע איהר האט זיכער געמיינט דעם קאנגרעס צו נוצען, וועל איך מיט דעם גרעסטען פערגעניגען קומען נאך פראג, און זיך מישב זיין מיט אייך און דר. הילדעסהיימער.

איך שלאג פאר דערצו דאנערסטאג, דעם 29טען אפריל. פיר אנאנדער טאג איז דאס מיר כמעט ניט מעגליך. אם 29טען אפריל נאכמיטאג, קען איך זיין אין פראג. מיט הערצליכען ציונסגרוס, אייער ערגעבענער

טה. הערצל.

## צו דר. ה. חילדעסהיימער, בערלין.

זעהר געעהרטער הערר!

פון אייער בעקאנטער טרייהייט ערוואַרטע איך אַז איהר זאָלט אויפ־נעהמען דיעזען בריעף אין די נעקסטע נומער פון דער „אידישער פּרעסע". איך וויל צוערשט בעשטעטיגען די ערהאַלטונג פון דער ידיעה אַז איהר ציהט אייך צוריק פון מינכענער ציוניסטען־קאָנגרעס. איך בעדויער זעהר דיעזען ענטשלוס אייערען, וועלכער האָט מיך איבערראַשט, ווייל עס וועט ניט לייכט זיין צו געפינען אַנאַנדערען פאַר דעם רעפעראַט וואָס איהר האָט אונטערנומען צו האַלטען — „די אויפגאַבען פון דער אידישער וואָהלטהעטיגקייט אין פּאַלעסטינא" — וועלכער זאָל אין דער פראַגע אַזוי גוט בעוואַנדערט זיין ווי איהר. דער קאָנגרעס וועט נאַטירליך אָבגעהאַלטען ווערען, ווען אַפילו מיר געפינען ניט איינעם וואָס זאָל האַלטען דעם פּאָרטראַג „איבער די אויפגאַבען דער אידישער וואָהלטהעטיגקייט אין פּאַלעסטינא". דיעזען קאָנגרעס קאָן מען שוין איבערהויפּט ניט מעהר צוריקנעהמען; דער געדאַנקען צו מאַכען אַזאַ פערזאַמלונג, אַזוי גוט ווי אַנדערע פּערעפענטליכטע געדאַנקען, געהערט ניט מעהר צו דעם וואָס האָט איהם צוערשט אַרויסגעשפּראָכען. פיעלע אידען האָבען דעם קאָנגרעס אָנגענומען, דערמיט איז די פראַגע געענדיגט. די פאָר־בערייטענדע קאָמיטע, וועלכע וועט בעשטעהן אויך נאָך דעם ווי איהר האָט זיך ענטזאַגט צו האַלטען אייער פּאָרטראַג „די אויפגאַבען א. ז. וו.", האָט אַלס איהרע מיטגליעדער דאָ אין וויען דעם פּרעזידענט פון פערבאַנד פון עסטרייכישע ציון־פעראיינע, דר. מ. ט. שנירער, פּראָפ. דר. קעללנער, האָף־און געריכטס־אַדוואָקאַט דר. אָ. קאָקעש, און לויט דעם אויפטראַג פון אונזערע פריינד אין קעלן, פּאַריז, און לאָנדאָן ווירקט זי צוזאַמען מיט די לאַנדעס־קאָמיטעען פון גאַליציען, רומעניען און בולגאַריען. די פּאָרבערייטענדע קאָמיטע האָט נור נאָך צו בעזאָרגען די געשעפטסאָרדנונג פון קאָנגרעס. מיר טראָגען די גרעסטע האָפנונג אַז דער קאָנגרעס וועט אָנגעהמען אַ ווירדעפּאָלען גאַנג, און דאָס מיר וועלען די זאַכע, וועלכע איז אויך אייך טייער, ברענגען אַ היבשע שטיק ווייטער. עס וועט דעם קאָנגרעס געלינגען צו צערשטרייען מאַנכע דונקעלע און נאַרישע פּאָרשטעלונגען וועגען די בעשטרעבונגען פון די ציוניסטען. מען וועט אין ברייטערע קרייזען אָנהויבען איינצוזעהן, דאָס מען

טהוט אונזער בעוועגונג אונרעכט ווען מען שרייבט אונז צו שווערמעריי און סאמאָוואָלסטוואָ. איך גלויב אז איך אליין וועט עס גרויס הנאה טהאָן ווען דער קאָנגרעס זאָל ארויסברייגגען אזעלכע רעזולטאטען. אזוי מינדעסטענס פערשטעה איך די לעצטע ווערטער פון אייער בריעף אין וועלכען איהר ציהט זיך צוריק פון קאָנגרעס, און אין וועלכען איהר גיט פריינדליך צו, דאָס דער קאָנגרעס „איז אָהן א ספק געפּלאַנעוועט געוואָרען מיט דער בעסטער אבזיכט", הגם איהר אליין דענקט, אז די פערזאמלונג דארף האָבען אנאנדער פאָרמע אום ווירקליך צו ברייגגען גוטעס. אין דעם פונקט, ווי עס שיינט, געהען זיך אונזערע מיינונגען אויסאנאנדער.

צו דעם שברת הלב וואָס איך פיהל איבער אייער צוריקטרעטען, ווייל עס ווערט דערמיט אוועקגענומען פון קאָנגרעס א זעהר געשעצטע קראַפט, קומט צו נאָך א בעדויערען. איך פיהל א שווערען פאָרוואורף וואָס קומט ארויס פון אייער ערקלערונג: „אזוי ווי הערר דר. הערצל געהט טראָטץ דעם ווייטער אָן מיט דער פונאנדערשיקונג פון זיין פּראָקלאמאציע וועגען קאָנגרעס, זעהט זיך דער ארויסגעבער פון דיעזער צייטונג („יידישע פּרעסע", הילדעסהיימער'ס צייטונג) געצוואונגען צו דער ערקלערונג, אז ער האָט זעלבסטפערשטענדליך קיינמאָל אין זינען ניט געהאט טיילצונעהמען אין א ציוניסטישען קאָנגרעס, און ער האָט זיך נאָר אָנגעבאָטען מיטצוהעלפען און מיטצואווירקען אין א פערזאמלונג וואָס זאָל בעשפּרעכען די אויפגאבען פון הילפע אין פּאלעסטינא, בעזאָנדערס די קאָלאָניזאציאָן."

וואָס מיינט דאָס „טראָצדעם"? הערר באמבוס, ביז איצטער מיטגליעד פון דעם פאָרבערייטונגס קאָמיטע, האָט אָהן מיין ידיעה ארויסגעלאָזט אן ערקלערונג, וואס איז מסוגל אפּצושוואכען אונזער גאנצע ארבייט, ווייל מען קען פון זיין ערקלערונג דיינקען, אז די גאנצע זאך געפינט זיך נאָך אין א צושטאנד פון פארבערייטונג. איך בין דערפון אונאנגענעהם איבערראשט געווארען, און האָב געבעטען העררן באמבוס ער זאָל עס פאררינכטען, ווייל איך בין געוועזן פון דער מיינונג, אז דאָ האנדעלט זיך נאָר פון אן אוויבערפלעכליכע מיינונג־פערשיעדענהייט. איך האָב מיך דאָך מיט איך געזאָלט צוזאמענטרעפען אין פראג דעם 29טען אפּריל צו בעראטען זיך מיט איך וועגען אייניגע קאָנגרעס־פראגען. דעם לעצטען טאָג איז די בעגעגניש צוריקגערופען געווארען מיט דער ערקלערונג, אז זי איז נאָך צו פריה.

יעדענפאַלס האָב איך קיין גרונד געהאַט אנצונעהמען, אז איהר ווילט אייך אָפּזאָגען, ווייל אייערע איינווענדונגען האָבען מיר ניט אויסגעוויזען אלס עיקר־זאַכען. איהר האַט פערלאַנגט, אז עס זאָל הייסען „קאָנגרעס פון חובבי ציון“ אנשטאַט „ציוניסטען־קאָנגרעס“, וואַס איז ביי מיר אויסגעקומען אזא חילוק ווי „בלאַנק באָנעט“ און „באָנעט בלאַנק“ (ווייס־היטעלע, היטעלע ווייס). דאַן האַט איהר געקווייטשעלט וועגען דעם פאָלגענדען זאַטץ אין מיין פאָר־אַנצייגע: „אזוי ערהאַלטען די בשותפות'דיגע בעדירפניסע אן אָר־גאַן (ד. ה. דעם קאָנגרעס). ער וועט שאַפען א מקום מקלט פאַר די ווינשע און קלאַגען פון אונזערע ברידער. די זאַך פון אידישען פאָלק מוז ארויסגענו־מען ווערען פון די הענד פון איינצעלנע פערזאָנען — ווי גוטוויליג דיעזע פערזאָנען זאָלען אויך זיין. עס מוז ווערען אן עפענטליכע בימה, פון וועל־כער יעדערער זאָל קענען גערופען ווערען צו א חשבון פאַר דאָס, וואָס ער האָט געטהאָן אדער האָט פערפעהלט צו טאָן פאַר'ן פאָלק. קיין עהרליכער מאַנן וועט עטוואָס האָבען דאַגעגען“.

איך בעט מיך ניט צו מיספערשטעהן. איך ברייננג דיעזען זאַטץ ניט מיט א בייזער כונה צוליעב דעם איצטיגען וויכוח, נאָר אום קלאָר צו מאַכען, ווי אונבעדייטענד די מיינונגספערשיעדענהייטען זיינען צווישען אונז גע־ווען. איך האָב דאָך געמעגט אננעהמען, אז איהר זייט מיט אזעלכע זעלבסט־פערשטענדליכקייטען איינפערשטאַנען. יעדענפאַלס האָב איך א רעכט גע־האַט צו דיינקען, אז איהר זייט מיט מיר מסכים ביז צו אונזער צוזאַמענ־טרעפונג אין פּראַג. אויב איך האָב זייט דאַמאָלס, און נאָך איידער איהר האָט אייך עפענטליך אבגעזאגט, ארייגעלייגט די געדרוקטע פאָר־אַנצייגע מיט אייער נאָמען אין עטליכע בריעפע צו פריינדע, צו וועלכע איך האָב צו־פעליג געשריעבען, קען דאָך דאָס ניט הייסען „טראָטצדעם“, אקוראַט ווי איך וואָלט געבראָכען דאָס פערטרויען און וואָלט געהאַט צושיקט מאַסען פאָר־אנצייגען, ניט קוקענדיג אויף אייער אָפּזאָגען זיך. אין אייניגע בריעף האָב איך גראַדע אויך אנגעוויזען אויף די קליינע דיפערענץ צווישען אונז. איך בעגרייף דעם גאַנצען צווישענפאַל אזוי, דאָס איהר האָט מן הסתם געוויסע טעמים פאַר אייער צוריקטרעטען, וואָס פיר מיך עקזיסטירען זיי ניט. איך בין דער ערסטער צו רעספּעקטירען אייערע ענטשלוסען, ווי די פון א מאַנן וואָס איז בעקאַנט מיט זיין אונאייגענניטציגקייט, און מיט זיין אייפער פיר

די זאכען פון אידען. לאָמיר איינער דעם אנדערן ניט ארונטערמאכען, ווען אפילו מיר קענען אין מאנכע פּרטים ניט איינשטימען.

דער קאָנגרעס ווערט געהאלטען. דאס איז איצטער די הויפּטזאכע און דערביי בלייבט עס.

מיט פארציגליכער האָכאכטונג

איהר גאנץ ערגעבענער

דר. טהעאָדאָר הערצל.

## צו דר. מאַנדעלשטאַם, קיעוו.

אַלט אויסזעע שטייערמאַרק, אויג. 18, 1901.

מיין טרייער גוטער פריינד: —

א פערמאַטערטער בין איך געווארען לויפענדיג, און בין פון דעם גע־זינדעל, וואָס האָט דאָס געלד, אפילו ניט אויסגעהערט געווארען. עס וועט מוזען רעגענען פעך און שוועבעל, אום דיעזע שטיינער זאלען ווייך ווערען.

אזא זאַך איז גאַר ניט געהערט געווארען! אין פופציג יאָהר וועט מען שפייען אויף די קברים פון דיעזע לייטע, ווען מען וועט ערפאהרען, דאָס איך בין מיט (דאָ קומט א צייכען וואס בעדייט אבדול חאמיד) כמעט פערטיג גע־ווארען, און נאָר די לומפיגע געלדער האָב איך ניט געקענט קריעגען. נאַ־טירליך קענען מיר היינט ניט לאָזען זעהן אונזער צאָרן און שמערץ, ווייל דאן וועט אויך .... ערפאהרען אונזער אינערע שוואכקייט, און איך מוז מיך בע־מיהען איהם אָנצוהאַלטען, צייט צו געווינען, וואסער פון שטיין צו שלאָגען, און גאָלד פון דעם שמוטץ ארויסצוקראַטצען.

בעקוועמער פיר מיך וואָלט עס געוועזען היינט אבצושליעסען, און א פּראָקלאַמאַציאָן ארויסצולאָזען: „אזוי, אידען, איך ארעמער הילפלאָזער זשורנאַליסט, האָב עס איז פינף יאהר אזוי ווייט געבראַכט, מיט.... (צייכען פיר אבדול חאמיד) אליין צו פיהרען אונטערהאנדלונגען. וואָס עס האָט זיך אן מיר געווענדט האָב איך געטאָן, און מעהר. איהר אָבער לאָזט מיך אין שטיך, איהר זייט א שעהנע חברה — זאָל אייך דער טייפעל נעהמען! איך קימער מיך אום קיין זאַך ניט מעהר.“

אזא פיינע האנדלונג, וואָס וואָלט אזוי אָנגענעהם און בעקוועם געוועזען, איז מיר ניט ערלויבט. איך מוז עס ווייטער שלעפען. דאָס ערג־סטע דערביי איז, דאָס ניט נאָר די גלייכגילטיגע און די געגנער טהוען מיר אָן צרות, זאָנדערן אויך אייגענע מענשען. אין דער באַנק קענען זיי ניט קומען צו קיין ענטשלוס, עס קומען פאָר רייבערייען, פערזענליכע סכסוכים צווישען די דירעקטאָרען. וואָס איינער שלאָגט פאָר וויל דער אַנדערער ניט. און איך מוז ווידער מיך אריינמישען אלס גוואַלטמענש, כדי עס זאָל עטוואָס געטהאָן ווערען.

אויך אין א. ק. (אקציאָנס קאָמיטע) שיינט עטוואָס צו בורענען זיך... מען רעדט פון יונגציוניזמוס א. ז. וו. עס איז ווירקליך צו פריה פאַר אונז צו האָבען אונזערע יונגטערקען. מיר זיינען משמעות טאַקע א גייסט־פאָלעס פאָלק.

אָבער פון דעם לאָך איך מיך אויס. אַט זאָלען זיי טאַקע פּרובירען מיך אַרויסוואַרפען פון דער בעוועגונג!

דערווייל איז מיין איינציגע דאגה: געלד. איהר גרויסע געטער, וואו זאָל איך עס נעהמען? איך צוברעך זיך דעם קאָפּ עטוואָס צו געפינען.

דער קאָנגרעס וועט אַרום וויהנאַכטען אין באַזעל זיין. די אונגינס־טיגסטע צייט. אָבער מיין פאָרשלאַג: יולי אין לאָנדאָן, איז פון די פּאָק־ציאָנען צוריקגעוויעזען געוואָרען, ווייל דאָס איז געוועזען מיין פאָרשלאַג. מען האָט נויטיג בעדאַרפט קריעגען די ערנידעריגונג פון דער יק"א, דערפאַר האָט מען קיין צייט געהאַט פאַר'ן קאָנגרעס.

ד אָ ס  א ל ע ס  א ו נ ט ע ר  א ו נ ז ! איהר האָט דעם זכות, אַז איך זאָל מיך פאַר אייך אויסוויינען, ווייל איך האָב אייך אַזוי פון הארצען ליעב.

אייער טרייערגעבענער,

**בנימין.**

צו אונטזימע ציוניסטישע פריינדע פלעגט זיך הערצל אָפט אונטערשרייבען מיט זיין אידישען נאָמען „בנימין". — דער איבערז.

## צו מארטין בובער, וויען.

אלט אויסזעע, אם 18טען סעפט., 1901.

האכפערעהרטער פריינד: —

די ידיעה וועגען דער באנק איז ריכטיג. דאס איז אבער איינער פון די פיעלע פאלען, אין וועלכע עס איז פאר אונז בעסער, אז דער עולם זאל צוערשט ערפאהרען די נייעס ניט דורך דאס אפיציעלע ארגאן. וועניגסטענס איז דאס די מיינונג פון די אנדערע העררען פון וויענער א. ק. מיט א טאג אכט צוריק האב איך געוואלט פאנאנדערשיקען צו די מיטגליעדער פון א. ק. א צירקולאר מיט דעם אינהאלט, דאס וואהרשיינליך שוין אין סעפטעמבער וועט די באנק זיין פאלשטענדיג גרייט פיר געשעפט, אבער מיינע וויענער קאלעגען האבען דעם צירקולאר צוריקגעהאלטען, ווייל זיי זיינען געווען מיט דער מיינונג, דאס מיר דארפען אזא מיטטיילונג ניט מאכען אפילו צו די מיטגליעדער פון א. ק. איידער די עפענונג פון דער באנק איז א געשעהענע זאך. איצטער אבער קען מען מיט א געוויסער בעשטימטהייט ערווארטען, אז די זיצונג פון באארד אוו דירעקטארס פון 8טען אקטאבער וועט די באנק ערקלערען אלס „אקציאנס־פעהיג".

דאס איז אבער איינע פון די אייגענטימליכע שוועריגקייטען מיט וועלכע איך האב אפט צו קעמפפען, דאס די עסקנים און די בעאמטע, וועלכע האבען צו געבען די ענטשיידונג, זיינען אלעמאל ברוגז, ווען אזא שטיקעל ידיעה איז פריהער געשטאנען אין דער „וועלט". איך דערצעהל אייך דאס גאנץ אפען, כדי איהר זאלט ניט דענקען אז דא איז פאראן וועלכער מאנגעל אין פערטרויען, און איך ווייס ניט וועלכע אינפארמאציאן דער שעף־רעדאקטאר פון פארטיי־בלאט דארף האבען. נאר אזוי ווי די ידיעה שטעהט שוין אין דער „הצפירה" גלויב איך, אז קיינער וועט ניט האבען עטוואס דאגעגען איינצואווענדען ווען איהר זאלט אין דער נעקסטער נומער שרייבען אונגעפעהר אזוי: „ווי מיר ערפאהרען, וועט די באארד־זיצונג פון 8טען אקטאבער, לויט ווי עס ווערט ערווארטעט, ערקלערען די באנק פיר אקציאנס־פעהיג" (גרייט צו טהאן געשעפטען). און אפילו וועגען דיעזעס זאלט איהר אייך פריהער דורכריידען פער טעלעפאן מיט דר. קאקעש און דר. קאהן.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך אייך אויך בעטען צו פרעגען ביי די

הערדען, וואָס פיר א בעלוינונג זיי האָבען בדעה צו בעשטימען צו ליליען פאַר די קאָנגרעסקארטע. איך בין אין פאַראווים מסכים צו דעם לאָהן וואָס זיי וועלען בעשטימען, און איך בעט אייך דאָן צו דיקטירען צו איינעם פון אונזערע סעקרעטערע דאָס איינלאַדונגסשרייבען צו ליליען, און איך וועל עס דאָ אונטערשרייבען.

מיט הערצליכען גריסען, איהר גאַנץ ערגעבענער,

**הערצל.**

מאַרטין בובער איז דאַמאָלס געווען רעדאַקטאָר פון „די וועלט“. —
דער איבערז.

## צו האנס הערצל.

לאנדאן, 13טען יולי, 1902.

מיין טייערער אינגעל האנס,

היינט וועסט דו מוזען זיין דער איבערברייגגער פון מיינע נאכריכטען צו דער ליעבער מאמא, ווייל איך האב שוין געהאט אזוי פיעל בריעף צו שרייבען. איך האף — אויב עס קומט נאר ניט אינמיטען אן א גרויסע שטערונג — אז איך זאל דאנערסטאג אבענד זיין ביי אייך.

מיין עקזאמען פאר דעם קעניגליכען קאמיטע (דאס מיינט ער די „איילינען קאמישאן"), האב איך גאר ניט שלעכט אויסגעהאלטען, נאר מיין ענגליש איז ניט געווען גענוג. דו ווייסט וואס פאר א געפיהל מען האט דערביי. דו ווייסט עס פון לאטיין. דאס איז אן אנצוהערענים אז מען מוז אניאגען וואס מען פערפעהלט. דען דו און איך, מיר מוזען אימער אלעס מאכען מיט אויסצייכנונג. איך בין זעהר צופריעדען מיט דיין פלייס אין דער טירקישער שפראך.

קיססע די גוטע מאמא פיר מיך, און זיי צערטליך אומארמט פון

דיין טרייען

פאפא.

צו פרוי יוליא הערצל, וויען.

3טען מאי, 1914

פראנצענסבאד, ווילא אימפעריאל.

איך בין איצטער־ערשט בשלום אָנגעקומען, נאטירליך דער ערשטער פּאסאזשיר. אויף דער סטאציאָן איז מען געוועזן אזוי וועניג פּאָרבערייטעט אויף אזא אָנגעלאף פון אורחים, דאָס מען האָט מיינע קופערטס ניט ארונ־טערגענומען, און זיי זיינען אוועק ווייטער ביז עלסטער. איך וויל האָפען אז איך קריעג זיי צוריק.

אין דעם הויז וואו איך וואוין בין איך דער איינציגער גאסט, און אין מיין צימער איז נאָך אפילו קיין בעט נישטאָ. די באלעבאָסטע איז ביי מיין ערשיינען געבליעבען שטעהן אָהן לשון. איך בין ביי איצטיגער צייט דאָ ניט נאָר דער איינציגער מאַן, זאָנדערן אויך די איינציגע פרוי. די קורמוזיק שפּיעלט שוין אפילו, אָבער אזוי ווי עס איז ניט זיכער געוועזן דאָס איך קום, האָבען זיי פינף און צוואנציג מינוטען נאָך איינס שוין אויפגעהערט.

איך אומארם דיך און די געליעבטע שעהנע קינדער,

אייער טרייער פּאפּא

טהעאָדאָר.

„Die Welt."
Redaction und Administration
Wien
IX., Türkenstrasse 9.

Wien, den 8 X 190 2

Sehr verehrter Freund,

unser Schauer schreibt mir nochmals, dass Sie ein Verzeichniss meiner literarischen Werke brauchen. (Die zionistischen erhalten Sie vom Congressbureau.)

Ich habe viele Theaterstücke geschrieben. Das erste das in Berlin aufgeführt wurde, war „Seine Hoheit" (das Geld) ein abendfüllendes Schauspiel. Ferner mehrere Lustspiele (im Burgtheater u. auf vielen deutschen Bühnen)

„Der Flüchtling" Lustspiel
„Prinzen aus Genieland" Lustspiel
„Wilddiebe" (zusammen mit H. Wittmann) Lustsp.
~~[illegible]~~ „I love you." Lustspiel
„Unser Kätchen" (Lustspiel)
„Gretel" (Schauspiel)
„das neue Ghetto" (Schauspiel)
„Solon in Lydien" (mein neuestes Schauspiel)
~~[illegible]~~

Von meinen Büchern, in denen ich Erzählungen und Essays sammelte, erwähne ich nur das Palais Bourbon, das ich für manns..

beste Sammlung halte, u. Philosophische Erzählungen (Pastel. Berlin 1907) andere frühere Sammlungen enthielten zu viel Minderwerthiges

Für mein bisheriges Hauptwerk halte ich das eben erschienene Altneuland"

Ich war von 1891 bis 95 Pariser Correspondent der N. Fr. Presse u. redigire seit 1895 das Feuilleton u. den literarischen Theil derselben Blätter. Seit 95 habe ich meinen ständigen Wohnsitz in Wien, habe aber wie Sie wissen viele Reisen gemacht

Ich mache mir das Vergnügen Ihnen mein Palais Bourbon zu schicken.

Mit herzlichen Grüssen
Ihr ergebener
Herzl

דאָס איזאַ פאָטאָגראַפישע קאָפּיע פון הערצל'ס אַ בריעף צו דר. פריעדמאַן, וואָס ענטהאַלט פאקטען וועגען הערצל אַליין, אויף וועלכע פריעדמאַן האָט געזאָלט בעגרינדען אַן אַרטיקעל איבער הערצל פיר אַ קאָנווערזאַציאָנס-לעקסיקאָן.

### צו פרוי יוליא הערצל, וויען.

פראנצענסבאד, דען 10טען מאי, 1904.

היינט האב איך ערהאלטען דיין בריעף פון זונטאג, אבער קיינען פון געסטערן. קאטצענעלסאהן פאהרט היינט ווידער אוועק. ער האט געמאכט די רייזע דירעקט פון בערלין אהער און מוז איילען נאך הויזע. היינט האב איך גענומען מיין זעקסטעס באד. דאס באד איז ניט אין הויז, אבער ניט ווייט. היינט האט עס דא געגעבען פאר די זיעבען קורגעסט א צערשטריי־אונג: דער קורזאאל האט אבגעברענט. דאס וועטער איז שלעכט, איך לעזע פיעל.

דיין טרייער

טהעאדאר.

### צו האנס הערצל.

עדלאכער האף, 9טען יוני, 1904.

מיין געליעבטער זאהן האנס,

צו דיין טייערען געבורטסטאג ווינש איך דיר געזונדהייט, גליק און הצלחה אויף אלע דיינע וועגען, איצטער און צו יעדער צייט. פאר דעם היינטיגען געבורטסטאג דיינעם וואס איז א קאפעלע אוועקגעמאכט געווארען אונטערן האנד וועסטו אי"ה ענטשעדיגט ווערען, אזוי באלד ווי איך וועל ווידער זיין מיט אייך בייזאמען, מיינע טייערע. נאך דיין עקזאמען אין אויסזעע וועלען מיר אונז מיט גאטעס הילף מאכען פרעהליך און געמיטהליך.

דיך אומארמט דיין דיך צערטליך ליעבענדער

פאטער.

קיססע מיר דאס גאלדענע טרודעל.

# אדרעסע אַן דר. טה. הערצל פון עסטרייכישע אַקאדעמיקער, אין מאַי 1896

זייער האָכוואָהל געבאָרען

הערען דר. טהעאָדאָר הערצל,

אין וויען.

האָכפערעהרטער הערר דאָקטאָר! —

דער רוף וואָס איהר האָט אין אייער „יודענשטאאט“ ארויסגעלאָזט צום אידישען פאָלק געפינט א מעכטיגען וויעדער־קול אין די הערצער פון טויזענדע פון אייערע שטאמעסגענאָססען. אזוי אלט ווי אונזער גלות אזוי אלט איז אונזער פאָלק׳ס בייגקען נאָך פרייהייט; אָבער נאָר פערא‏יינצעלט זיינען געווען די שטימען וועלכע האָבען ביז איצטער געגעבען אויסדרוק צו דעם וואונש. איהר, האָכפערעהרטער הערר דאָקטאָר, האָט דעם מוטה געהאָט ארויסצוריידען דיזע געפיהלען אין א קלאָרען און ווירקזאמען אופן, און אָנצוצייגען אונזער פאָלק נייע וועגען, וועלכע פערשפרעכען פיעל פיר די צוקונפט. דערפאר קומט אייך דער דאנק פון דער נאציאָן, וועלכען די אונ־טערצייכענטע — גייסטיגע ארבייטער אין יודענטום — קענען ניט בעסער אייך בעצייגען אלס דורך בעגריסען די פרישע אויפוויקלונג פון אונזער נאַ־ציאָנאלער פאָהן, און דורך דעם וואָס זיי שטעלען זיך מיט ערגעבענהייט אין דיענסט פון דער הייליגער זאכע פון דעם אידישען פאָלק.

## אדרעסע פון פאַלעסטינער אידען צו דר. הערצל, 1896.

אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק פיר דאס יאָהר ה׳ תרנ״ו, ביי וועמעס גרעניץ מיר שטעהען איצטער, וועט פיר אַלע צייטען גלענצען מיט גאָלדענע בוכשטאַבען דער נאָמען פון דעם מאַן, וועלכער איז דורך זיין הערליכע שטאַאטסמענישע שריפט געוואָרען א מבשר שלום צו די פעלקער, און א ליכט און וועגוויזער צו זיין אייגענעם פאָלק.

צום אייביגען זכרון וועט בלייבען דאָס פערגעהענדע יאָהר, אַלס דאָס יאָהר פונ׳ם גייסטיגען וויעדערגעבורט פון אידישען שטאַאט. און מעגען אויך פיעלע יאָהרען פערגעהן איידער די גרויסע אידעע וועט מקוים ווערען, די טרייע זיהן פון דעם אידישען שטאַם וועלען פול האָפנונג און פערטרויען זיך האַלטען פעסט אָן דעם געדאַנקען פון יודענשטאַאט, און וועלען זיך מיט טיעפער דאַנקבארקייט און פערעהרונג האַלטען אָן דעם מאַן, וועלכער האַט דעם אַלטען גלויבען געגעבען נייע נאַהרונג, דער גע׳ירשן׳טער האָפנונג פרישע לעבענסקראַפט, אָן דעם מאַן וואָס איז געוואָרען א בעגייסטערטער זוהן צו זיין פאָלק, א קלוגער לעהרער און פיהרער. אונטער די גרויסע צאָהל הערצער פון וויטזעהענדע און וואַרם־פיהלענדע גלויבענסברידער אין די לענדער פון אידישער צערשטרייאונג ,וועלכע שלאָגען איצטער שטאַרקער דורך דאָס געפיהל פון דאַנקבארקייט צו אייך, זיינען אויך פאַראַנען טויזענדער אַזעלכע דאַנקבארע הערצער אין דעם אַמאָליגען אידישען לאַנד, און זיי ברייננגען אייך, הויכפערעהרטער הערר דאָקטאָר, אָן אויסדרוק פון דיעזער דאַנקבארקייט. דאָס זיינען די הערצער פון טויזענדע, וועלכע זיינען פערפלאַנצט געוואָרען צוריק אויף דעם באָדען פון זייערע עלטערען דורך דאָס געפיהל פון גלויבען און האָפנונג, פערהייליגונג פון טראַדיציע און טרייהייט; און זיי בליקען איצטער אַרויף צו אייך מיט ערגעבענהייט און מיט פערעהרונג, ווי צו דעם דערהויבענעם מליץ פון זייערע אינערסטע געפיהלען און הייסעסטע ווינשע.

אין נאָמען פון א גאַנצער מחנה פון טרייע איבערגעבענע מענשען, ערלויבט אונז, אייך, אונזער טרייען האַרציגען פריינד, דעם טרייען און ווירדיגען זוהן פון ציון, אייך איבערצובריינגען דעם ציונסגרוס פון טיעפסטען האַרצען, צוזאַמען מיט אונזערע וואַרמסטע ברכות פיר דאָס נייע יאָהר.

ערלויבט אונז אייך צוצורופען פון דעם אַלטען עהרווירדיגען ירושלים: חזק ואמץ!

זיי שטאַרק און פעסט אין דעם קאַמפּף פיר דאָס רעכט, די עהרע, די פרייהייט און דאָס גליק פון אונזער פאָלק.

ווילהעלם גראָס, יאפפאַ.
אפרים כהן
ד. יעלין
דר. יוסף יערמאַנס
מיכאל פינעס
וו. יעב"ץ
א. מאנני
בן־יהודה
דר. גרינהוט.

# די פאָר־בעקאַנטמאַכונג פונ׳ם ערסטען ציון־קאָנגרעס

## צ י ו נ י ס ט ע ן ־ ק אָ נ ג ר ע ס.

### פ אָ ר ל ו י פ י ג ע   א נ צ י י ג ע.

אַם 25, 26 און 27 אויגוסט ווערט אין מינכען אָבגעהאַלטען אַ ציוניס־טישער וועלט־קאָנגרעס.

דער צוועק פון דעם קאָנגרעס איז צו בריינגען אַ דערנעהנטערונג און אַ בעסערע פערשטענדיגונג צווישען אַלע ציוניסטען, און צו געבען איין בעשטימטע ריכטונג צו דער געמיינשאַפטליכער שטרעבונג.

דער קאָנגרעס וועט אויפנעהמען די ווינשע פון אונזערע ברידער וואָס ווערען בעדריינגט אין פערשיעדענע ערטער, און וועט קלערען וועגען מיטעל ווי אַזוי זיי צו העלפען.

ווער עס האָט בדעה אין דעם קאָנגרעס זיך צו בעטייליגען דאַרף זיך אָנמעלדען שפּעטסטענס ביז צום 15טען אויגוסט. די פּלעצער, וואו זיך אָנצומעלדען אין די פערשיעדענע לענדער וועט בקרוב אָנגעצייגט ווערען. דערווייל קענען מעלדונגען געמאַכט ווערען ביים צענטראַל־ביוראָ פון קאָנ־גרעס (פעראיין „ציון“, וויען II, רעמבראַנדטשטראַסע 11). די אָנגעמעל־דעטע וועלען ערהאַלטען איינטריטס־קאַרטען. עס וועט געזאָרגט ווערען פאַר קוואַרטירען פאַר די טיילנעהמער אין קאָנגרעס אין מינכען לויט פערלאַנג.

די אָפיציעלע איינלאַדונג צום קאָנגרעס וועט אונטערשריעבען ווערען פון אַלע איינבערופער און וועט צושיקט ווערען צו פעראיינע און קערפּער־שאַפטען אַזוי שנעל ווי די טאַגעסאָרדנונג וועט ענדגילטיג בעשטימט ווערען.

דער קאָנגרעס וועט ערעפענט ווערען פון דעם עלטסטען טיילנעהמער. דאַן קומט די אָרגאַניזירונג פון קאָנגרעס. די פערהאַנדלונגען זאָלען געפיהרט ווערען לויט די פּרינציפּען פון פערנינפטיגער און בכבוד׳ער רעדעפרייהייט.

פיר יעדען פּונקט פון טאָגעסאָרדנונג ווערט אויפגעשטעלט אַ פּאָרטראָג־האַלטער (רעפערענט), און צו איהם קען מען שוין צושיקען מיטטיילונגען דירעקט, אָדער דורך די פערמיטלונג פון פעראיין „ציון“.

די פּאָרטרעגע וואָס זיינען ביז איצטער בעשטימט געוואָרען זיינען:

א) די לאַגע פון די אידען אין די איינצעלנע לענדער (אַ בעזונדער פּאָרטראַג פיר יעדעס לאַנד). עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע צושטענדע. רעפערענט: הערר דר. מאַקס נאָרדאו, אין פּאַריז.

ב) די קאָלאָניזאַציאָן, איהרע ביזהעריגע רעזולטאַטען און ווייטערע אויסזיכטען. אגראַרישע (ערד־ארבייטערישע), אינדוסטריעלע, קאָמער־ציעלע, טעכנישע פראַגען. רעפערענט: הערר ווילי באַמבוס, אין בערלין.

ג) די אויפגאַבען פון אידישע וואָהלטהעטיגקייט אין פּאַלעסטינאַ. רעפערענט: הערר דר. הירש הילדעסהיימער, אין בערלין.

ד) פינאַנץ־פראַגען. רעפערענט: הערר דר. מאַקס באָדענהיימער, אין קעלן אם רהיין.

ה) די יודענפראַגע און דער קומענדער דיפּלאָמאַטישער קאָנגרעס פון די גרויסמעכטע. רעפערענט: דר. טהעאָדאָר הערצל, אין וויען.

ו) וועגען אויסשטעלען אידישע קאָלאָניאַל־פּראָדוקטען אויף דער פּאַריזער וועלט־אויסשטעלונג, אין 1900.

די ווייטערע פּונקטען פון דער טאָגעס־אָרדנונג וועלען שפּעטער פּובלי־צירט ווערען.

די אָפיציעלע דעלעגירטע פון די איינגעלאַדענע פעראיינען און קער־פּערשאַפטען וועלען צו דער צייט פון קאָנגרעס אין מינכען אָבהאַלטען אַ ספּעציעלע בעראַטהונג, און דערנאָך בעריכטען וועגען דעם רעזולטאַט צו די מיטגליעדער פון די פעראיינען.

פיעלע פּראַקטישע פראַגען וואָס וועלען דעם קאָנגרעס בעשעפטיגען בעציהען זיך אויף דעם איצטיגען אויגענבליק און קענען ניט מאָנאַטען פריהער פאָרמולירט ווערען.

געפינט עס דער קאָנגרעס פיר נויטיג, וועט ער אָרגאַניזירען אַן עקזעקוטיווע קאָמיטע וואָס זאָל פיהרען די אידישע אנגעלעגענהייטען ביז צו זיין נעקסטען צוזאַמענקומען.

אויף דעם אופן קריעגען די בשותפות׳דיגע בעדירפניסע אַן אָרגאַן. דאָס וועט שאַפען אַ מקום מקלט פאַר די ווינשע און סקאַרגעס פון אונזערע ברידער. די אידישע זאַך מוז אַרויסגענומען ווערען פון די הענד פון יחידים — ווי גוט־מיינענד דיעזע יחידים זאָלען אויך זיין. עס מוז אַ בימה ענטשטעהן פון וועלכער יעדער איינער זאָל מוזען געבען רעכנונג פאַר דאָס וואָס ער טהוט אָדער לאָזט אונגעטהאָן אין דער אידישער זאַך. געגען אזא זאַך קען זיך קיין עהרליכער מענש ניט שטעלען.

מיר זיינען זיכער צו געווינען די סימפּאַטיע פון אַלע מענשען וועלכע ווילען האָבען אונזערע געדאַנקען ריכטיג פערשטאַנען. עס האנדעלט זיך וועגען שאַפען אַ זיכערע דויערנדע היימאַט פיר יענע אידען, וועלכע קענען ניט אָדער ווילען ניט זיך אסימילירען אין די ערטער וואו זיי לעבען איצטער.

דער קאָנגרעס אין מינכען וועט צייגען וואָס דער ציוניזמוס איז און וואָס ער וויל; דאָס ער איז עטוואָס, און וויל עטוואָס.

אין נאָמען פון פאָרבערייטענדען קאָמיטע,

דר. טהעאָדאָר הערצל.

# דאָס פּראָגראַם פון די „וועלט“

## ווי דר. הערצל האָט עס פערפאַסט, און ווי עס איז ערשיענען אין דער ערשטער נומער „וועלט“.

---

אונזער וואָכענשריפט איז א „יודענבלאַט“.

מיר נעהמען דיעזעס וואָרט, וואָס ווערט געוועהנליך בענוצט אַלס א שימפּף־וואָרט, און ווילען דאַרויס מאַכען א וואָרט פון עהרע.

„די וועלט“ איז א בלאַט פאַר אידען. וועלכע אידען? אפשר פון די שטאַרקע אידען, וועלכע ווערען סאַי־ווי־סאַי געהאָלפען? ניין, ניין, די גענויטיגען זיך ניט אין אונטערשטיצונג.

„די וועלט“ איז דאָס בלאַט פאַר די אָרעמע ,די שוואַכע, די יונגע, אָבער אויך פאַר אַלע יענע וועלכע האָבען געפונען זייער וועג צו זייער פאָלק, הגם זיי אַליין געפינען זיך ניט אין א בעדריינגטער לאַגע. זאָל קיינער זיך ניט אונטערשטעהן צו זאָגען, אז מיר בריינגען קלאַסענהאַס אין יודענטום אריין, ווען מיר נעהמען זיך אָן פאַר די שוואַכע אונטער אונזערע ברידער. אין אונזערע רייהען שטעהען נענוג מענער, וועלכע זיינען קיינע „פּראָלעטאַ־ריער“, קיינע רעוואָלוציאָנערען און קיינע היצקעפּ. די זאַכע, וועלכע מיר דיענען, איז גרויס און שעהן, אן ארבייט פון פריעדען, די שלום־מאַכענדע לייזונג פון דער יודענפראַגע; א געדאַנקען וואָס איז מסוגל צו בעגייסטערען די עדלערע מענשען, מעגען זיי זיין קריסטען, מחמדאַנער אָדער אידען.

מיר וואָלטען עס ווילען אויסדריקען מיט די ווערטער וועלכע זיינען צו אונזערע פריינד שוין גוט בעקאַנט:

„שאַפען א פעלקער־רעכטליך געזיכערטע היים פיר אזעלכע אידען, וואָס ווילען ניט אָדער קענען ניט זיך אַסימילירען אין די לענדער וואו זיי לעבען איצטער.“

אונטער דער ציונס־פאָהנע געפינען מיר זיך אַלע צוזאַמען. און ווען אפילו אונזערע אויגען זיינען געריכטעט אויף א וויטען ציעל, וועלען מיר פונדעסטוועגען שיינקען אונזער אויפמערקזאַמקייט אויך צו די איצטיגע

צושטענדע. „די וועלט“ זאָל פאַר דעם אידישען פאָלק זיין אַ כלי־זין צום וועהרען זיך און צום אַנגריף, אָבער אַ ריינער כלי־זיין. געגען וועמען? געגען זיינע פיינדע — אָהן אונטערשייד פון רעליגיאָן.

מען זאָל ניט דענקען דאָס מיר וועלען זיך ארונטערלאָזען צו דער שפּראַכע פון פעבעל, אָדער דאָס מיר וועלען פערהעררליכען אַלעס וואָס אידען טהוען אָדער טהוען ניט. אַן עהרליכע ערנסטע זעלבסט־קריטיק מוז דעם יודענטום טהאָן גוטעס, און די וועלען מיר פּראַקטיצירען, ווען אפילו מאַנכע וועלען שרייען גוואַלד, „צו וואָס פאַר אַ צייטען מען האָט דערלעבט!“

דאָס איז געוועזען איינע פון די שווערסטע רעזולטאַטען פון אַנטיסעמי־טיזמוס, דאָס „אין דיזער צייט“ האָבען געוויסע לייט גענאָסען אַ געוויסע שטראָפלאָזיגקייט. וואָס די יודענפרעסער האָבען וועגען זיי געזאָגט האָט מען ביי אידען בעטראַכט אַלס מורא׳דיגע איבערטרייבונג, און די אַנשטענ־דיגע אידען האָבען געגלויבט, אַז זיי מוזען צו אַלעם שווייגען. אויף דעם אופן האָבען אונזערע שונאים געקענט אויפבויען די טעאָריע, דאָס אונזער שווייגען מיינט הסכמה, און דאָס דער אידישער כלל איז פעראַנטוואָרטליך פאַר די נידערטרעכטיגקייטען פון יחיד. און דוקא די ווענינער־ווירדיגע אונטער אונז האָבען געפונען איינזעהעניש ביי אונזערע שונאים, וועהרענד די בעסערע אונטער אונז זיינען אין זייער עהרגעפיהל טיעף געקריינקט געוואָרען.

די נייע נאַציאָנאַל־אידישע בעוועגונג וויל אויך אין דער הינזיכט שאַפען אַן ענדערונג. דיזע בעוועגונג איז מיט פופצעהן יאָהר צוריק אויסגעגאַנגען פון אונזערע אוניווערזיטעטען, און ווען אפילו זי איז זייט דאַמאָלס אַרויס אין דאָס וואַכעדיגע לעבען, און רעכענט זיך מיט זיינע בעדינגונגען, איז איהר דאָך נאָך געבליבען דער גלאַנץ פון אַן אידעאַל. ווי־פיעל נאַרישע פאָרשטעלונגען וועלען פערברייטעט וועגען אונזער ווידער־געבאָרענעם נאַציאָנאַל־יודענטום!

„די וועלט“ וועט זיי צוטרייבען. מען רופט אונז כל־ערליי נעמען, מען זידעלט אונז אַי רעאַקציאָנערען, אַי רעוואָלוציאָנערען אין איין אָטעם, וועהרענד באמת ווינשען מיר נאָר אַ פּאַסענדען געזונדען פאָרטשריט. מיט אונזער נשמה העננען מיר אַן דער פערגאַנגענהייט פון אונזער פאָלק

וואָס איז פול פון קאַמפף און ליידען; אָבער מיר ווילען דאָך ניט אריינגע־שפּאַרט ווערען אין אַ גייסטיגע ענגשאַפט. צו בעריכטען אונז פון אַמאָליגע צושטענדע איז די אויפגאַבע פון דיכטונג און געשיכטע. צו דעם ווילען מיר געבען אין צייטונג פּלאַץ לויט נאָך מעגליכקייט. אַזעלכע עראינערונגען געהערען אונז אליין; אָבער די שעהנקייט פון האָפען — דאָס טיילען מיר מיט אַלע מענשען. „אין דיעזער צייט" פון דעם אָבגעפרישטען יודען־אונגליק קומען פאַר אויך הערדליכע זאַכען אין דער וועלט. די נאַטור־כחות ווערען בעהערשט, די קולטור עראָבערט זיך אָהן אויפהער אַלץ נייע געביע־טען; אויס דעם פערקעהר פון די פעלקער ענטוויקלען זיך מילדערע זיטען, און אַ טיעפע שטרעבונג נאָך סאָציאַלע רעפאָרמען בעוועגט די אָרעמסטע אַזוי גוט ווי די בעסטע מענשען. די יונגע לייט פון נאַציאָנאַליסטישען יודענטום נעהמען אַ האַנד אין אַלע דיעזע ארבייטען און בעשטרעבונגען — ניט צו ציהען דערפון עגאָאיסטישען פאָרטייל פאַר אונזער פאָלק אליין, זאָנדערן אויך צום נוצען פון אַנדערע מענשען. דאָס וועט זיך אין אונזער צייטונג אויך לאָזען זעהן.

און צווישען עראינערונג און האָפנונג שטעהט אונזער טהאַט. אויף די ערפאָרשונג פון די צושטענדע, און די ריכטיגע בענעהמונג פון דער פּאָלי־טישער לאַגע פון דער וועלט, און אויף די פעראייניגונג פון אַלע אונזערע כחות, גרינדעט זיך אונזער ווערק.

„די וועלט" וועט זיין דאָס אָרגאַן פון די מענער וועלכע ווילען פיהרען דאָס יודענטום פון איצטיגער צייט אין בעסערע צייטען אריין.

# Extra-Ausgabe

# Die Welt

Redaktion und Administration: WIEN IX., Türkenstrasse Nr. 9. Telephon 14.199.

**Erscheint jeden Freitag.**

Zuschriften sind nicht an einzelne Personen, sondern an die Redaktion oder Administration: Wien, IX., Türkenstrasse 9, zu richten.

Unfrankierte Briefe werden nicht angenommen und Manuskripte nicht zurückgesandt.

Sprechstunden der Redaktion täglich von 10–½12 Uhr.

Preise der Anzeigen: laut aufliegendem Tarif. Der Inseratenteil wird Dienstag abends geschlossen. Einzelne Nummern 30 Heller.

8. Jahrgang. Wien, 4. Juli 1904 — 22. Thamuz 5664. 8. Jahrgang.


Das zionistische Aktions-Komitee gibt schmerzerfüllt Nachricht vom Hinscheiden seines Präsidenten, des Herrn

# Dr. Theodor Herzl

**ד״ר בנימן זאב הערצל**

welcher Sonntag, den כ׳ תמוז תרס״ד 3. Juli 1904, um 5 Uhr nachm. in Edlach, in N.-Ö. nach langem Leiden sanft entschlafen ist.

Die Bestattung findet Donnerstag, den כ״ד תמוז 7. Juli 1904, 10 Uhr vormittags auf dem Döblinger Ortsfriedhofe (Israel. Abteilung) statt. Versammlung im Trauerhause: Wien-Währing, Haizingergasse 29.

בלב נשבר ונדכא הננו מודיעים את כל אחינו ע״ד הרעה אשר מצאתנו בהלקח מאתנו מנהיגנו הגדול

# בנימן זאב ד״ר תיאודור במוה״ר יעקב הערצל ז״ל

**אשר נוע בשנת מ״ד לימי חייו.**

ביום א׳ כ׳ תמוז תרס״ד בכפר עדלאך, אשר שולח שמה בעצת הרופאים לנוח ולהחליף כח. אל כחלת לבבו האנושה אשר תקפתו זה איזה שבועות נתחברה בימים האחרונים דלקת הריאה ותדכא לארץ חיתו. עד הרגע האחרון היתה דעתו צלולה ומיושבת עליו.

ביום ה׳ כ״ד תמוז בשעה העשירית לפני הצהרים יובל לקברות בעיר ווינא. כל בית ישראל יבכו את אבדתנו הגדולה וה׳ ינחם את עמו ומחה דמעה מעל כל פנים. תנצב״ה!

**הועד הפועל.**

# אָרדער „בני ציון"

## זיין עקזיסטענץ־בערעכטיגונג און זיין ניצליכע ראָלע.

פון דזשאָזעף בראַנדעס, נשיא.

נאָכ'ן זיעבעטען קאָנגרעס האָבען זיך פערזאַמעלט אין ניו יאָרק די פראָמינענטע טאָנגעבער און וואָרטפיהרער פון דער ציוניסטישער בעוועגונג, פיר דעם צוועק צו אָרגאַניזירען אַ ציוניסטישען אינשורענס אָרדער. די סבה, וועלכע האָט צו דיעזען מיטינג געפיהרט, איז געוועזן די אונגינסטיגע ערפאַה־רונג, וואָס די פיהרער האָבען אין דער ציוניסטישער בעוועגונג געמאַכט זייט די מאָדערנע ציוניסטישע בעוועגונג איז פון דר. הערצל ע"ה אָרגאַני־זירט געוואָרען. זיי האָבען געזעהן, אַז דער רעיון פון ציוניזמוס האָט ארומ־גענומען דעם גרעסטען און דעם בעסטען טייל פון יודענטום. פון אַלע זייטען האָבען מאַסען אידען געשטראָמט צו ציוניסטישע מיטינגען צו הערען דאָס ציוניסטישע וואָרט. אַז דער רעיון פאַר'ן ציוניסטישען אידעאַל איז ביי אידען געוועזן, האָט אפילו אַ בלינדער געקענט זעהן, אָבער אַז עס איז געקו־מען צו אַ תכלית, אַז עס איז געקומען צו פראַקטישער ארבייט, אַז מען האָט בעדאַרפט מושטירען די אַרמעע, רופען דעם „ראָלל־קאָלל", זיינען די רייהען געוואָרען שיטער, דער ענטהוזיאַזמוס איז פערשוואונדען, ווי אַ דויך פאַר אַ ווינד.

„וואָרום קענען מיר ניט קריסטאַליזירען דעם ציוניסטישען סענטימענט אין אַ גרויסער, מעכטיגער בעוועגונג? פאַר וואָס פערלאָזט דער יונגער דור, אָהן וועלכען אונזער בעוועגונג קען ניט האָפען אויף ערפאָלג, אונזערע רייהען?" — אָט דיעזע פראַגען האָבען שטענדיג בעשעפטיגט און געעגבערט די מוחות פון די יעניגע, וועלכע זיינען געשטאַנען ביים רודער פון דער אָרגאַניזירטער ציוניסטישער בעוועגונג. און, נאָכדעם ווי דיעזע פראַגען זיינען געשטעלט געוואָרען אויפ'ן טאָגעסאָרדנונג איז ניט געוועזן שווער צו געפינען זייער פערענטפערונג. מען האָט זיך אַרומגעזעהן אַז הגם די ציוניסטישע בעוועגונג האָט אין זיך ענטהאַלטען אַ גענוגענדע מאָס פון אידעאַליזמוס, פון גייסטיגער בעפריעדיגונג, האָט זי אָבער דאָך ניט געקענט צופריעדענשטעלען די בעדירפניסע פיר געזעלשאַפטליכען פערקעהר, פיר געגענזייטיגער אונטערשטיצונג, קראַנקען־קאַסען און אינשורענס. איבער־

הויפּט האָט דער יונגער דור אין דיזע איינריכטונגען זיך אַם שטאַרקסטען געגויטיגט, און ווייל די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען דיזע פאָדע־רונגען ניט געקענט בעפריעדיגען, איז מען געגאַנגען דאָס ערגעץ וואו אַנדערש צו געפינען. איין טייל איז אַוועק אין די קריסטליכע אָרדערס, אַן אַנדער טייל וויעדער איז אַוועק צו די אַלטע אידישע אָרדערס. אין ביידע פעלע אָבער, האָבען די נייע פריינדשאַפט און די נייע פערהעלטניסע געפיהרט דערצו, אַז די נייע „לאָדזשען־ברידער", וועלכע זיינען אָקאָרשט אָנגעקומען פון דעם ציוניסטישען לאַגער, זיינען אַלע מאָל און מעהר קיהלער געוואָרען צום ציוניזמוס, ביז וואַנען זיי זיינען אינגאַנצען פערלוירען געוואָרען פאַר דער בעוועגונג.

עס קלינגט אַזוי זאָנדערבאַר צו הערען, אַז אין אידישע אָרדערס זאָל די בעגייסטערונג פאַר דעם ציוניסטישען רעיון, וועלכער האָט געוואַרמט דאָס יודענטום אין גלות קרוב צו צוויי טויזענד יאָהר, — אַז דיעזער רעיון זאָל ניט געפינען קיין גינסטיגען באָדען אין די אידישע אָרדערס. אָדער יעדער וואָס איז מעהר אָדער ווייניגער בעקאַנט מיט דעם אָרדער־וועזען, וועט איבער דעם כלל ניט נשתומם ווערען, ווייל ער ווייסט, אַז דער באָדען פון די אידישע פראַטוירנאַל אָרדערס איז רייף בלויז פאַר געשעפט־זאַכען, אָדער, ווי מיר רופען דאָס אויף דעם יענקישען לשון, „ביזנעס", אָבער פאַר אידעאַליזמוס איז דאָרט קיין פּלאַץ ניטאָ, און ווער שמועסט פאַר ציוניס־טישען אידעאַליזמוס, וועגען דעם איז אודאי מן דבר שמיה. אום צו געבען די ציוניסטען, און ספּעציעל דעם יונגען דור, אַ געלעגענהייט זיך אָנצו־שליסען אַן אַן אָרדער, וועלכער זאָל קודם כל זיין אַ ציוניסטישער אָרדער, און אַ חוץ דעם אויך כולל זיין אין זיך די אַלע זיעבען זאַכען, וואָס די אַנ־דערע אַלטע פראַטוירנאַל אָרדערס באַטען אָן, איז געגרינדעט געוואָרען דער אָרדער „בני ציון".

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אַזוי לייכט האָט זיך דאָס געטהאָן ווי עס רעדט זיך ביי די ציוניסטען; עס איז אָנגעגאַנגען אַ הייסער קאַמפּף צווישען די פּראַקטישע און די אידעאַליסטישע ציוניסטען. די אידעאַליסטען האָבען געקעמפּפט געגען יעדען פערזוך אַריינצומישען דעם שעטנז פון ביזנעס אין דעם אידעאַל פון ציוניזמוס, אָבער ענדליך האָבען די אַרגומענטען פון די פּראַקטישע זיי מנצח געווען און דער אָרדער איז געגרינ־דעט געוואָרען.

נור אָבער, האָבען אַלע ציוניסטען איינגעשטימט, אז וויבאַלד די אָרגאַניזירטע ציוניסטישע בעוועגונג גיט א הסכמה אויף אַן אָרדער, דאַרף ער זיין דער בעסטער אויף דיעזען געביעט; ער דאַרף זיין געבויט אויף א וויסענשאַפטליכען באַזיס; ער דאַרף זיין אַזוי ראַיעל און זיכער, אַז ער זאָל קיינמאָל ניט זיין אין געפאַהר אונטערצוגעהן; ער דאַרף זיין א מוסטער פאַר אַנדערע עהנליכע אָרגאַניזאַציאָנען, הן אין פּרינציפּיעלער טרייהייט צו דער אידעע פון אידישען נאַציאָנאַליזמוס, הן אין ענין פון פינאַנציעלער פעסטקייט און זיכערקייט. מען האָט פאַראויס געוואוסט, אַז צו בויען אַזא אָרגאַניזאַציאָן קאָסט זעהר שווערע מיה, און אַז איהר וואוקס מוז זיין א זעהר און זעהר לאַנגזאַמער, אָבער מען איז געווען ענטשלאָסען אַזא שווערע אויפגאַבע צו אונטערנעהמען. א קאָנווענציאָן איז אָבגעהאַלטען געוואָרען דעם 25טען און 26טען אַפּריל 1908 אין קלינטאָן האָל, ניו יאָרק, אונטער דעם פאָרזיץ פון דר. מאַגנעס, ביי וועלכען עס איז בעשלאָסען געוואָרען אָנצושטעלען דעם בעקאַנטען אויטאָריטעט איבער עקטשוערי פראַגען און לעבענספערזיכערונג, מר. מאַילס מענאַנדער דאוסאָן, אויסצואַרבייטען דעם אינשוראַנס פּלאַן פון אונזער אָרדער.

לויט דיעזען פּלאַן קען אונזער אָרדער אריינגעהמען מיטגליעדער פון 18 ביז 60 יאָהר. די סומע אויף וועלכער אונזער אָרדער קען זיינע מיטגליעדער פערזיכערען איז פון הונדערט ביז צוויי טויזענד דאָלאַר און די פּרעמיום, וועלכע דאַרף בעצאָהלט ווערען פאַר דיעזע פערזיכערונג, העננט אָב, ווי געזאָגט, פון דער בעשטימטער סומע, אויף וועלכער א מיטגליעד איז אַסעקורירט, און לויט זיינע יאָהרען. אַזוי, אַז יעדער איינציגער מיטגליעד צאָהלט פאַר זיך אַליין און די גאַנצע קערפּערשאַפט גיט אַלעמען גלייך די נוצען און פאָרטיילען, וועלכע א פעראייניגונג פון א גרויסער צאָהל מענשען איז אימשטאַנדע צו געבען פאַר אַלע מיטגליעדער גלייך.

אין בעצוג אויף דער אידעאַליסטישער זייט פון אָרדער קען מען זיך מאַכען וועגען דעם א בעגריף פון די בעלעהרונג וואָס מעמבער קריגט ביי זיין איינפיהרונג אין אָרדער:

1) צו העלפען דעם ציוניסטישען קאָנגרעס, אונזער פאָלק מיט אַן עפענטליך רעכטליך געזיכערט היים צו בעזאָרגען אין ארץ ישראל.

2) צו שטיצען אַלע אידישע אינסטיטוציאָנען, וועלכע פערשטאַרקען אונזער נאַציאָנאַליטעט.

3) צו פערברייטען און פערשפּרייטען דאָס וויסען און דאָס שטודיום פון דער העברעאישער שפּראַך און אידישער היסטאָריע, און

4) צו שיצען און צו שטיצען יעדען אָרדערס־ברודער אין נויט־ און קראַנקהייטס־פאַל.

ווען דער קאַנדידאַט ערקלערט זיך צופריעדען מיט דיזער פּרינציפּען־ערקלערונג ווערט ער אריינגענומען אַלס מיטגליעד, ווען ניט, ווערט זיין קאַנדידאַטור צוריקגעוויזען. דער גאַנצער ריטשואַל, אַלע פאָרמען און צערע־מאָניען, וועלכע דער אָרדער האָט איינגעפיהרט פאַר דער איינפיהרונג פון מיטגליעדער, ציעלען אויף אידישע טראַדיציאָנען, אויף אידישער געשיכ־טע און אויף אידישע האָפנונגען, און עס מאַכט אויף א אידען א טיע־פען אונפערגעסליכען איינדרוק.

די גרינדער פון אָרדען „בני ציון" האָבען קיין טעות ניט געמאַכט, ווען זיי האָבען פאָראויסגעזאָגט, אַז דער אָרדער וועט לאַנגזאַם וואקסען. יא, דער אָרדער בני ציון וואקסט לאַנגזאַם אָבער זיכער. דער אָרדער צעהלט אצונד געגוויע 80 קעמפּס, וועלכע זיינען פערצווייגט אין פיעלע שטעדט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען. מיט זיינע 3,500 מעמבערס און קרוב 40 טויזענד דאָלאַר אין אינשורענס פאָנד איז ער פינאַנציעל דער זיכערסטער אָרדער אין אַמעריקא.

פון דעם וואָס עס איז אויבען געזאָגט געוואָרען איז צו זעהן, אַז אונזער אָרדער איז ניט געבויט אויף דעם אַסעסמענט־פּלאַן. מיר צאָהלען אויס אונזערע פערלוסטען דורך טויטען־פעלע דירעקט פון דעם אינשוראַנס פאָנד און קיין מיטגליעד ווערט פאַר דיזען צוועק פון דעם אָרדער ניט בעלאַסטעט מיט אירגענד וועלכע טעקס, אַסעסמענטס אָדער בעשטייערונג.

אַלע אונזערע געלדער פאַר אינשוראַנס־פּרעמיומס ווערען אינוועסטעד אין רעגיערונגס־באָנדס. דאָס וועט איינמאָל פאַר אַלעמאָל פערמיידען די מעגליכקייט פון יעדער אַרט ריזיקע אָדער אונעהרליכע מעטאָדען אין דער פערלייהונג פון אָרדער־געלדער אויף ערשטע און צווייטע מאָרטגיידזשעס.

לויט די געזעצע פון מאַסאַטשוזעטס, וועלכע זיינען די שטרענגסטע און נאָך וועלכע מיר פיהרען זיך, אום צו זיין בערעכטיגט דאָרטען צו טהאָן ביזנעס, טאָרען מיר אפילו קיין איין פּרוטה ניט פערברויכען פון דעם אינ־שוראַנס־פאָנד אויף קיין אַנדער צוועק, ווי אויף צאָהלונג פון ענדאָומענטס (טויטען־פעלע).

אונזער איינקונפט פאר ציוניסטישע ארבייט און פאר דעם אַלגעמיינעם אדמיניסטראַציאָנס־פאָנד ווערען געדעקט פון דעם טעקס אויף דער סומע פון א דאָלאר מיט 60 סענט א יאָהר פער מיטגליעד. (ווען א מאן נעהמט ארויס אינשוראַנס פאר זיין פרוי, דאַרף ער פאר איהר קיין בעזונדערען טעקס ניט צאָהלען. דיעזער דאָלאר מיט 60 סענט דעקט זיין טעקס פאר זיך אליין, אָדער פאר זיך מיט זיין פרוי.) פון דיעזער סומע צאָהלען מיר אוים 25 סענט פער מעמבער פאר דעם ציוניסטישען שקל און 10 סענט דער פעדערייזשאָן פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען, און דאָס איבעריגע, א דאָלאר מיט 25 סענט, געהט אויף צו דעקען אַלע אדמיניסטראַציאָנס־קאָסטען פון אָרדער. דיעזע סומע פון א דאָלאר מיט 60 סענט פער מעמבער איז, אמת, אביסעל א שווער־ליכע לאַסט אויף אונזערע מיטגליעדער, אָבער מיר האָפען דיעזען טעקס צו פערקלענערען, ווען אונזער מיטגליעדערשאַפט וועט זיך פערגרעסערען און, ס'איז אפשר מעגליך, אז דאָס וועט געשעהן שנעלער ווי מיר קענען זיך פאָרשטעלען.

מיר צאָהלען אוים אַלע אונזערע ענדאָומענטס פון די פראָצענטען, וואָס מיר קריגען אויף אונזערע באָנדס און פון די „לאַפּסעס", ד. ה. אזעלכע, וועלכע הערען אויף צו צאָהלען זייערע בייטרעגע און ווערען אוים מיט־גליעדער.

40 פראָצענט פון אונזערע מיטגליעדער האָבען בלויז דערגרייכט דעם עלטער פון 25 יאָהר און נאָך 40 פראָצענט פון אונזערע מיטגליעדער האָבען נאָך ניט דערגרייכט דעם עלטער פון 40 יאָהר.

מיר האָבען דיעזען יאָהר בייגעשטייערט זעקס טויזענד דאָלאר פאר'ן נאַציאָנאַל פאָנד, אָבער דאָס האָבען געגעבען די קעמפּס פון זייערע אייגענע קאַסען.

נאָך מיט 7 יאָהר צוריק, ווען דער אָרדער בני ציון איז נאָר וואָס געגרינ־דעט געוואָרען, האָט ער אָנגעצייגט אויף דער פאַלשקייט פון דער געגענ־ווערטיגער אינשורענס סיסטעמע פון די אידישע אָרדערס. זייט דאַן האָבען באַנקראָטירט די ארדערס „סאָנס אָוו דזשייקאָב" און דער „אהבת ישראל" און נאָך א אידישער אָרדער שטעהט אויף דער ליסטע פון די שוכני עפר. זיין ענדע וועט קומען אין זעקס חדשים אָדער אין א יאָהר ארום, אָבער קומען מוז זי. אצונד דערמאָנען מיר אייך, אז דער בית עלמין פון אידישע ארדערס איז שוין נאָר א היבשער בית חיים. דאָרט געפינט איהר דעם קשר של ברזל,

דעם אַמעריקאַן סטאַר, דעם סאָנס אָוו בענדזשאַמין, דעם הארפע דוד, די אַמעריקאַן איזראַעלייטס, די בני יעקב, דעם אהבת ישראל, און, מיר וואָרנען אַלע אידען, וועלכע בעלאַנגען צו אָרדערס, אַז די טרויעריגע ענדע, וועלכע האָט די אויבענדערמאָנטע אָרדערס געטראָפען, וועט אויך טרעפען די איבע־ריגע אָרדערס. מיר הערען, אַז מען וויל אַצונד אויפקלייבען אַ פאָנד צו „בעאיינפלוסען" די לעדזשעסליטשורס פון די פערשיעדענע סטייטס צו פערמיידען דאָס אונפערמיידליכע, אָבער דאָס קען ניט און וועט ניט דויערען אייביג. שוין הערען מיר, אַז אין אייניגע סטייטס ענטזאָגען זיך די אינשור־ראַנס קאָמישאָנערס צו בענייען די לייסענס פאַר די אָרדערס צו טהאָן ביזנעס אין זייערע סטייטס. דאָס איז דער אָנפאַנג פון דער ענדע, וועלכע איז אונפערמיידליך און מוז קומען.

דער אינשוראַנס דעפּאַרטמענט פון ניו יאָרק סטייט האָט מיט צוויי יאָהר צוריק געזאָלט צווינגען די אָרדערס אָנצונעהמען די פראַטוירנאַל רייטס, האָבען די גרענדמאַסטערס מורא געקראָגען, אַז זייערע חדרים וועלען זיך צולויפען, זיינען זיי געקומען אין אַלבאַני און גע'פועל'ט דורך פּאָליטישען פּול, אַז מען זאָל פאַר די אידישע אָרדערס מאַכען אַ בעזונדערען געזעץ. עס איז דערוויל געלונגען דורך דער בעמיהונג פון אידען, אַז אַ געזעצגעבענדע קערפּערשאַפט אין אַמעריקא זאָל איינפיהרען אַ געזעץ „קראָמיע יעווריעיעוו". אָבער די צייט מוז קומען, ווען די עפענטליכע מיינונג וועט אַזוי אויפגערעגט ווערען, אַז פּאָליטישער פּול וועט מעהר ניט גילטען. און דאַן וועט פּאַסירען אַ גרויסער אונגליק און חילול השם.

צו וועמען ווי צו וועמען, צו די ציוניסטען און צו די נאַציאָנאַליסטען האָבען מיר אַ רעכט צו זאָגען:

**אייער פּלאַץ איז אין דעם אָרדער „בני ציון"!**

---

## וויכטיגע פּונקטען פון אָרדער „בני ציון":

1. דער אָרדער „בני ציון" איז אַ ציוניסטישע קערפּערשאַפט און אויך אַ מאָדעל פראַטוירנאַל אָרדער, וועמעס סיסטעמע פון אינשורענס האָט צו זיך קיין גלייכען צווישען די אידישע אָרגאַניזאַציאָנען.

2. דער ציעל פון ארדען בני ציון איז צו פערזאָרגען יעדען נאַציאָנאַ־לען אידען מיט אַ זיכערע אינשורענס, וועלכע זאָל איהם אויך אַן אמת פּער־

זיכערען און ער זאָל דערויף ניט דארפען חרטה האָבען אויף זיינע עלטערע יאָהרען.

3. יעדער מעמבער צאָהלט פיר זיך, לויט זיינע יאָהרען נאָך, און זיין אסעססמענט קען קיין מאָל ניט ווערען העכער, אָהנע אונטערשייד ווי פיעל שטערבע־פעללע עס וועלען טרעפען דורך דעם יאהר.

4. אלס ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן ערפילען מיר אלע מאטעריעלע און מאָראַלישע פערפפליכטונגען צו גונסטען פון אונזער אידעאל און אלע דיעזעביישטייערונגען מאכען מיר פון אונזערע רעגולערע דיוס, און בעלאַס־טיגען קיינמאָל ניט די מיטגליעדער מיט עקסטרא אַסעססמענטס.

5. דער ארדען „בני ציון" צעהלט צווישען זיינע מעמבערס דעם פיינ־סטען און אינטעליגענטסטען עלעמענט פון דעם אמעריקאנישען יודענטום.

6. די פּערזאָנען, וועלכע שטעהען אויף דער שפּיצע פון אונזער אָר־דען, זיינען א שטארקע פערזיכערונג פיר די עהרליכקייט און סאָלידאריטעט פון אלץ וואָס איז שייך צו דער פערוואלטונג, און עס דארף זיין א שטאָלץ פיר יעדען איד צו בעלאנגען צו דעם איינציגען ציוניסטישען אָרדען „בני ציון".

---

## אונזער ציעל.

דער אָרדען בני ציון (סאָנס אָוו זייאָן) איז א פראַטוירנאל ארדען. ער איז אַבערפלעכליך עהנליך צו אלע אנדערע אידישע אָרגאַניזאַציאָנען פון דיעזען סאָרט, אָבער ווען מען שטודירט ריכטיג די פראגע זעהט מען א גרויסען אונטערשיעד. דאס איז וועגען דיעזען אונטערשיעד, וואס מיר ווילען אייך ספּעציעל אויפמערקזאם מאכען.

אלע אנדערע אידישע אָרדענס זארגען זיך בלויז פיר זייערע מיטגליע־דער, דער ארדען בני ציון שטרעבט אָבער ניט נאָר צו פערבעסערען די לאַגע פון דער גאנצער אידישער נאַציאָן. עס איז אן אָרדען מיט אן אידעאל, מיט א גרויסער אויפגאבע.

בעגרייפענדיג אונזער לאגע, און פיהלענדיג די נויטווענדיגקייט צו שאַ־פען א היים פיר'ן אידישען פאָלק אזוי גוט ווי א גייסטיגען צענטרום (מרכז רוחני) וואו צו ענטוויקלען אונזער קולטור, האָט דער אָרדען בני ציון ער־קלעהרט פאָלגענדעס אלס זיין הויפּט אויפגאבע: „צו העלפען דעם ציוניס־

טישען קאָנגרעס שאַפען פיר'ן אידישען פאָלק א רעכטליך, עפענטליך געזי־
כערטע היים אין ארץ ישראל".

אונזער אָרדען וועט טהאָן אַלעס וואס נאָר אין זיינע קרעפטען צו ענט־
וויקלען דעם אידישען גייסט, ארויסצורופען ביי די אידען אַן אינטערעס אין
אונזערע גייסטיגע אוצרות, און זיך ספּעציעל אָבגעבען מיט אידישע בילדונג
(עדיוקיישאָן). מיר וועלען טהאָן אַלעס מעגליכעס צוצוציהען דעם אידישען
יוגענד צום אידישען פאָלק און מאכען בעליעבט אין די הערצער פון די אי־
דישע קינדער אַלעס וואס איז גוט, שעהן און נאָבעל אין אידישען לעבען;
דער יוגענד זאָל לערנען העברעאיש און זאָל גלייך מיט אונז אַלעמען קעמפּ־
פען פיר די ווידער ערָאבערונג פון ארץ ישראל פיר דאָס פאָלק ישראל.

אום דאָס אַלעס דורכצופיהרען מוזען מיר האָבען א מעכטיגע ארגאַני־
זאַציאָן; מיר מוזען די אידען פעראייניגען אזוי שטאַרק, דאָס ווען עס
וועט זיך געפינען א צווייטער הערצל, וואָס וועט די אידען פיהרען צו פריי־
הייט אין אונזער אייגען לאַנד, זאָל דיעזע אָרגאַניזאַציאָן זיין א שטאַרקער
זייל אין דער בעפרייאונגס ארבייט. האָבענדיג דיעזעס אין געדאַנק, האָבען
מיר געשטרעבט און שטרעבען צו גרינדען אַן ארגאַניזאַציאָן, וואָס זאָל זיך
זאָרגען פיר די אינטערעסען פון די מיטגליעדער דאָ אויפ'ן אָרט און שטעלע
און זאָל גלייכצייטיג שטרעבען און העלפען צו בעזאָרגען דעם כלל ישראל
מיט אַן אייגען לאַנד.

---

## אונזער אינשורענס סיסטעם.

אויף די לעצטע צוויי זייטען וועט איהר געפינען די טאַבעלען פון דעם
אינשורענס סיסטעם, וועלכער איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען ביי די
ערשטע קאָנווענציאָן אַם 26טען אפּריל, 1908. מיר ווילען דאָ אין קורצען
ערקלעהרען וואָרום זאָ איין סיסטעם איז אנגענומען געוואָרען און אייניגע
בעמערקונגען, אום די טאַבעלען בעסער צו פערשטעהן.

די ערפאַהרונג פון אַלע אָרדענס, וועלכע האָבען געהאַט און האָבען נאָך
יעצט דעם אַסעסמענט־פּלאַן, האָט אונז געלערענט, דאָס אום די חברים זי־
כער צו מאַכען פיר אי מ ע ד זייער אינשורענס, מוז א נייער סיסטעם
געשאַפען ווערען.

פיעלע אָרדענס האָבען אויפגעהערט צו עקזיסטירען, ווייל זיי האָבען

איהרע פפליכטען ניט געקענט נאָכקומען. די אורזאַכע דערפון איז ניט ווי מאַנכע דיינקען אונעהרליכקייט אדער אונפעהיגקייט פון די גראָסס־בעאַמטע. די עקזעקוטיווע קען נאָך זאָ עהרליך אדער פעהיג זיין; זיי קענען אָבער פון זייער פּאַקעט דעם דעפיציט ניט דעקען, וועלכער מוז פריהער אָדער שפּעטער קומען. עס איז דער ס י ס ט ע ם, וועלכער איז געבויט אויף א שלעכטען פונדאַמענט, אויף א פאַלשען רעכנונג.

ערשטענס, די גלייכע אסעסמענט צאָהלונג פיר אלט און יונג. אַן עלטערער כאַפּט זיך גיכער אָן אַן אָרדען ווי א אינגערער, ווייל עס מאַכט איהם אויס בילינגער. דער יונגער מאַן אָבער בערעכענט זיך, אז ער צאָהלט פיעל, צופיעל נאָך זיינע יאהרען ווי ער דארף אין א לייף אינשורענס קאָמפּאַני צאָהלען, און נעהמט בעסער א קאָמפּאַני פּאַליסי. וואָס וועניגער יונגע לייט עס שליסען זיך אָן און וואס לייגנער א ברודער האלט זיך אָן ביז ער ווערט אלט, ווערט אלץ דער ארדען שוואַכער און בויפעליגער. מיט דער צייט ווערען די אינגערע עלטער און די אלטע גאַנץ אלט און קיין יונגע לייט קומען ניט צו, שטערבענפעלע ווערען גרוים, און אום נאָכצוקומען דיעזע פערלוסטען מוזען די אסעסמענטס אלץ מעהרער געהעכערט ווערען: וואָס העכער די אסעסמענט ווערט, אלץ וועניגער אינגערע שליסען זיך אָן, און אלץ מעהר יונגע פאַלען אָפּ; וואָס עלטער דער ארדען ווערט, אלץ העכער מוז שטייגען די טעקס, און שטייגען ניט נור פיר אלטע, נאָר פיר אלעמען, ביז די צייט קומט, ווען דער ארדען מוז אויפהערען צו צאָהלען אדער אזא הויכע טעקס אויף דעם אלטען און שוואַכען מיטגליעד ארויפלעגען, אז ער קען דאָס ניט לענגער דערטראָגען.

צווייטענס, דער אסעסמענטפּלאַן איז אויגענטליך ניט קיין אינשורענס נור א צדקה־פּלאַן. איהר זיינט כלומר'שט אינשורט און ווען איהר שטאַרבט קלייבט דער אָרדען צוזאַמען די סומע, וועלכע זיי גיבען די אלמנה זאָ ווי צדקה. עס איז אויך נאָר א פראַגע פון צייט, און ווער עס וועט וועמען פריהער אָפּנאַרען. נור, וואָלט איהר שכל געהאַט און פריהער געשטאָרבען, וואָלט איהר זיי אָבגענאַרט; אז איהר זיינט א נאַר און לאָזט יענעם אָפּנעהמען די א י נ ש ו ר ע נ ס פריהער, האָט איהר זיך אליין גענאַרט.

דריטענס, דער אמעריקאַנער איד איז צו פּראַקטיש און ער וויל אימער וויסען, וואו ער האלט מיט'ן רעכנונג. לויט דעם אלטען סיסטעם ווייסט איהר קיינמאָל ניט פיעל איהר וועט דארפען נעכסטען קווארטאַל צאָהלען,

ווייל איהר ווייסט ניט פיעל שטערבע־פעלע עס קענען פארקומען. נאך וועניגער קענט איהר אויסרעכענען פיעל איהר וועט דארפען צאהלען, ווען איהר וועט אלט ווערען און וועט פיעלייכט זיין אנגעוויזען אויף שטיצע פון קינדער... דער רעזולטאט איז, דאס די אינגערע א מ ע ר י ק א נ ע ר אידען גלויבען ניט אין ארדענס און דער נויטהיגער צו־וואוקס פון מעמבערס, אום צו באלאנסירען די זיכערהייט פון אינשורענס צאהלונגען צו די אלמנות און יתומים, ווערט דאדורך אין גאנצען פאראליזירט. דאס פיהרט צום גרעסטען געפאהר, ווי מיר האבען שוין פריהער געזאגט.

אום דיעזע און נאך אנדערע פעהלערען צו פערמיידען און צו גרינדען אן אינשורענס ארדען, וועלכער א י נ ש ו ר ט, זיינען מיר זעהר פארזיכטיג געווען אנצונעהמען א וויסענשאפטליכע אינשורענס סיסטעמע, וועלכע זאל ניט זיין אויסגעזעצט צו די געפאהרען, וועלכע מיר האבען דא אנגעדייטעט. מיר האבען געוואלט פערזיכערען, אז דער ציוניזם זאל קיין מאל ניט דארפען ליידען דאדורך, וואס אונזער ארדען זאל האבען א ניט ריכטיגען אינשורענס פלאן, וואס זאל פיהרען פריהער אדער שפעטער צו אונטערגאנג. מיר האבען דאריבער ענגאזשירט דעם בעסטען אקטוארי פון ניו יארק, א געוויסען מר. דאוסאן, וועלכער וואר אקטוארי פיר גאווערנאר יוהז אין די לייף אינשורענס אינוועסטיגיישאן און ביי דער קענעדישע רעגיערונג פיר עהנליכע צוועקען, און ער האט פיר אונז דיעזע טאבעלע פערפערטיגט, וועלכע גיט די מעגליכקייט איין ארדענס־מיטגליעד זיך צו אינשורען אין וויפיעל ער וויל, פון 100 ביז 2,000 דאלאר, און צאהלט בלויז פיר זיך אליין. דער אינגערער נאך זיינע יאהרען און דער עלטערער נאך זיינע יאהרען.

ווי איהר זעהט, צייגען די טאבעלען צוויי סארטען פאליסים: 1) די לעוועל־רייט, און 2) די סטעפ־רייט. די לעוועל־רייט איז די געוועהנליכע לייף אינשורענס פאליסי, וועלכע מען צאהלט אין מאנאטליכע פרעמיומס, לויט די יאהרען, אין וועלכע מען טרעט אין ארדען אריין, צב"ש צו 18 יאהר צאלט מען 94 סענט א מאנאט פער טויזענד און צו 60 יאהר $4.81 פער טויזענד. א יונגער מאן, אלזא, פון 25 יאהר, ווען ער וויל א פאליסי פיר 500 דאלאר, וועט דארפען צאהלען 12 מאל 56 סענט א יאהר זיין גאנצען לעבען, זאגאר ווען ער זאל 100 יאהר אלט ווערען. עס קען קיין מאהל ניט טהייערער ווערען.

די סטעפ־רייט איז גוט פיר יונגע לייט, וועלכע ווילען האבען וואס בי־

ליגער צו צאָהלען. דיעזע קלאסע איז גראדע ווי פייער־אינשורענס. יעדען יאָהר צאָהלט ער נאָך זיין עלטער. ווען ער איז יונג צאָהלט ער גאנץ ווייניג, און וואָס עלטער ער ווערט, אלס העכער ווערט די צאהלונג. א יונגער מאַן פון 25 יאהר צאָהלט נאָך דער סטעפּ־רייט טאבעלע — 31 סענט א מאָנאט אדער 93 סענט א קווארטאל פיר 500 דאלאר. דאפיר ווען ער ווערט אלט 59 יאהר צאָהלט ער $1.95 א מאָנאט, אדער $5.85 א קווארטאל. דיעזע סאָרט פּאליסי איז נור גוט ביז 59 יאהר, און ווען מען וויל ווייטער אינשורט זיין, מוז מען אָנפאנגען צו בעצאָהלען נאָך די לעוועל־רייט אדער אָבגעבען די פּאליסי. עס איז דאפיר אם ענדע פיעל ביליגער צו האָבען א לעוועל־רייט ווי א סטעפּ־רייט פּאליסי, ווייל די צאָהלונג איז אימער פעסט און בע־שטימט.

דיעזע טאבעלען זיינען בעגרינדעט אויף די בעסטע סטאטיסטיקס פון לייף אינשורענס, און אלע פעהלערען פון די אסעסמענטס־פּלאַן פאלען אָב. איהר צאָהלט פיר זיך אליין נאָך אייערע יאהרען. אייך ארט ניט, אויב דער אָרדען צעהלט 1000 אדער 100,000 מעמבערס, אויב עס שטארבען פיעל אָדער ווייניג, אויב מען נעהמט אריין אלטע אדער יונגע, ווייל אייער פּאליסי האָט מיט קיינעם ניט צו טהאָן. נאטירליך, יעדער מיטגליעד איז אונטער־ווארפען אונטער די געזעצע פונ'ם ארדען און מוז נאָכקומען אלע בעשליסע פון דער סופרים קעמפּ.

ציוניסטען וואס ווילען אויפבויען א שטארקע ציוניסטישע ארגאניזא־ציאָן, האָבען א געלעגענהייט צו ענטוויקלען א מעכטיגען אָרדען, וואָס זאָל דיענען אלס קרעפטיגער זייל אין אונזער קאמפּף צו געווינען אונזער הייליג לאנד.

## NET MONTHLY STEP RATES

| Age | $2.000 | 1.000 | $500 | $250 | $100 |
|---|---|---|---|---|---|
| 18 | 1.20 | .60 | .30 | .15 | .08 |
| 19 | 1.20 | .60 | .30 | .15 | .08 |
| 20 | 1.20 | .60 | .30 | .15 | .08 |
| 21 | 1.20 | .60 | .30 | .15 | .08 |
| 22 | 1.22 | .61 | .31 | .16 | .08 |
| 23 | 1.22 | .61 | .31 | .16 | .08 |
| 24 | 1.22 | .61 | .31 | .16 | .08 |
| 25 | 1.22 | .61 | .31 | .16 | .08 |
| 26 | 1.24 | .62 | .31 | .16 | .08 |
| 27 | 1.24 | .62 | .31 | .16 | .08 |
| 28 | 1.26 | .63 | .32 | .16 | .08 |
| 29 | 1.26 | .63 | .32 | .16 | .08 |
| 30 | 1.28 | .64 | .32 | .16 | .08 |
| 31 | 1.28 | .64 | .32 | .16 | .08 |
| 32 | 1.30 | .65 | .33 | .17 | .08 |
| 33 | 1.30 | .65 | .33 | .17 | .08½ |
| 34 | 1.32 | .66 | .33 | .17 | .08½ |
| 35 | 1.32 | .66 | .33 | .17 | .08½ |
| 36 | 1.34 | .67 | .34 | .17 | .08½ |
| 37 | 1.38 | .69 | .35 | .18 | .08½ |
| 38 | 1.42 | .71 | .36 | .18 | .09 |
| 39 | 1.44 | .72 | .36 | .18 | .09 |
| 40 | 1.48 | .74 | .37 | .19 | .09½ |
| 41 | 1.54 | .77 | .39 | .20 | .10 |
| 42 | 1.58 | .79 | .40 | .20 | .10 |
| 43 | 1.64 | .82 | .41 | .21 | .10½ |
| 44 | 1.70 | .85 | .43 | .22 | .11 |
| 45 | 1.78 | .89 | .45 | .23 | .11½ |
| 46 | 1.86 | .93 | .47 | .24 | .12 |
| 47 | 1.94 | .97 | .49 | .25 | .12½ |
| 48 | 2.04 | 1.02 | .51 | .26 | .13 |
| 49 | 2.14 | 1.07 | .54 | .27 | .13½ |
| 50 | 2.26 | 1.13 | .57 | .29 | .14½ |
| 51 | 2.64 | 1.32 | .66 | .33 | .16½ |
| 52 | 3.10 | 1.55 | .78 | .39 | .20 |
| 53 | 3.50 | 1.75 | .88 | .44 | .22½ |
| 54 | 4.04 | 2.02 | 1.01 | .51 | .25½ |
| 55 | 4.64 | 2.32 | 1.16 | .58 | .29 |
| 56 | 5.28 | 2.64 | 1.32 | .66 | .35 |
| 57 | 6.02 | 3.01 | 1.51 | .76 | .38 |
| 58 | 6.86 | 3.43 | 1.72 | .86 | .43 |
| 59 | 7.80 | 3.90 | 1.95 | .98 | .50 |

## NET MONTHLY LEVEL LIFE RATES

| Age | $2.000 | 1.000 | $500 | $250 | $100 |
|---|---|---|---|---|---|
| 18 | 1.88 | .94 | .47 | .24 | .12 |
| 19 | 1.92 | .96 | .48 | .24 | .12 |
| 20 | 1.96 | .98 | .49 | .25 | .12½ |
| 21 | 2.00 | 1.00 | .50 | .25 | .13 |
| 22 | 2.06 | 1.03 | .52 | .26 | .13 |
| 23 | 2.12 | 1.06 | .53 | .27 | .13½ |
| 24 | 2.18 | 1.09 | .55 | .28 | .14 |
| 25 | 2.24 | 1.12 | .56 | .28 | .14 |
| 26 | 2.30 | 1.15 | .58 | .29 | .14½ |
| 27 | 2.36 | 1.18 | .59 | .30 | .15 |
| 28 | 2.42 | 1.21 | .61 | .31 | .15 |
| 29 | 2.48 | 1.24 | .62 | .31 | .15½ |
| 30 | 2.56 | 1.28 | .64 | .32 | .16 |
| 31 | 2.66 | 1.33 | .67 | .34 | .17 |
| 32 | 2.76 | 1.38 | .69 | .35 | .17½ |
| 33 | 2.86 | 1.43 | .72 | .36 | .18 |
| 34 | 2.96 | 1.48 | .74 | .37 | .18½ |
| 35 | 3.06 | 1.53 | .77 | .39 | .19 |
| 36 | 3.18 | 1.59 | .80 | .40 | .20 |
| 37 | 3.30 | 1.65 | .83 | .42 | .20½ |
| 38 | 3.42 | 1.71 | .86 | .43 | .21½ |
| 39 | 3.54 | 1.77 | .89 | .45 | .22 |
| 40 | 3.68 | 1.84 | .92 | .46 | .23 |
| 41 | 3.84 | 1.92 | .96 | .48 | .24 |
| 42 | 4.00 | 2.00 | 1.00 | .50 | .25 |
| 43 | 4.18 | 2.09 | 1.05 | .53 | .26½ |
| 44 | 4.36 | 2.18 | 1.09 | .55 | .27½ |
| 45 | 4.54 | 2.27 | 1.14 | .57 | .29½ |
| 46 | 4.74 | 2.37 | 1.19 | .60 | .30 |
| 47 | 4.96 | 2.48 | 1.24 | .62 | .31 |
| 48 | 5.20 | 2.60 | 1.30 | .65 | .33 |
| 49 | 5.44 | 2.72 | .136 | .68 | .34 |
| 50 | 5.70 | 2.85 | 1.43 | .72 | .36 |
| 51 | 5.98 | 2.99 | 1.50 | .75 | .37½ |
| 52 | 6.28 | 3.14 | 1.57 | .79 | .39½ |
| 53 | 6.60 | 3.30 | 1.65 | .83 | .41½ |
| 54 | 6.94 | 3.47 | 1.74 | .87 | .43½ |
| 55 | 7.32 | 3.66 | 1.83 | .92 | .46 |
| 56 | 7.72 | 3.86 | 1.93 | .97 | .48½ |
| 57 | 8.14 | 4.07 | 2.04 | 1.02 | .51 |
| 58 | 8.60 | 4.30 | 2.15 | 1.08 | .54 |
| 59 | 9.10 | 4.55 | 2.28 | 1.14 | .57 |
| 60 | 9.62 | 4.81 | 2.41 | 1.21 | .60 |